משה סטרוגאַטש

# דער לעצטער פּרינץ

אַ מעשהלע

אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע לערער
ניו־יאָרק, 1952

# THE LAST PRINCE

By

MOISHE STRUGATCH

צייכענונגען פון ה. קרוקמאַן





Printed in the U. S. A., by
Aber Press, Inc., 225 Varick Street, New York, N. Y.

## ווידמונג:

קלאָר, ווי דער הײַנט,
און זיכער, ווי דער מאָרגן,
וועט קומען אַ טאָג
אָן נויט און אָן זאָרג,
אָן דאגה און שרעק,
אָן פֿײַנטשאַפֿט און שנאה,
אונטערדריקונג און האַס, —
אַ טאָג פֿול
מיט פֿרײַנטשאַפֿט און ברודערשאַפֿט,
פֿרידן און פֿרייד,
גליק און צופֿרידנקײַט.
יענעם טאָג
איז מײַן בוך געווידמעט.

# I

אין אַ ווײַטן לאַנד איז בײַ אַ קעניג געבוירן געוואָרן אַ זון.

עס איז געווען ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס איינציקע קינד וואָס דער קעניג האָט געהאַט. פֿאַר אים האָט די קע־ניגין געבוירן נאָך דרײַ אַנדערע קינדער. נאָר אַזוי ווי יענע זײַנען אַלע געווען מיידלעך, איז זייער וויכטיקײַט פֿאַר דער מלוכה געווען ניט צו גרויס און במילא האָט מען פֿון זיי קײַן צו שטאַרקן ווזען ניט געמאַכט.

דער קעניג האָט אומבאַדינגט געדאַרפֿט האָבן אַ זון. וואָרים, וואָס איז אַ קעניג אָן אַ זון? מען קען זאָגן, עס איז ווי אַ סאָלדאַט אָן אַ ביקס, אָדער אַ שטעקן אָן אַן עק. וואָרים, וואָס איז, ווען דער קעניג נעמט פּלוצלונג און גיט אַ שטאַרב אַוועק? אָדער ווערט אַזוי געפֿערלעך קראַנק און קען מער נישט דערפֿילן זײַנע פֿליכטן? ווער וואָלט דאַמאָלסט איבערגענומען די מאַכט? ווער וואָלט אָנגע־פֿירט מיט דער מלוכה? און ווער וואָלט אָפּגעירשנט דעם טראָן?

אמת, אין ערגסטן פֿאַל, וואָלט ער דעם טראָן געקענט איבערגעבן איינער פֿון זײַנע טעכטער, דער עלטסטער מסתּם. אָבער, ערשטנס, זײַנען די טעכטער געווען זייער ניט קײַן שיינע און גאָרניט קײַן גערעטענע. צווייטנס, איז דער גאַנצער געדאַנק פֿון דעם שטאַרק ניט געפֿעלן גע־

וואָרן די הויפּלײַט. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס קען שאַדן דעם קעניגלעכן פּרעסטיזש און אָפּשוואַכן זײַן אָנ־האַלט אין לאַנד. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז פֿאַר אַ פּרוי־קעניג וועט דאָס פֿאָלק ניט האָבן דעם געהעריקן אָפּשײַ און רעספּעקט, ווי אויך די מורא, וואָס עס איז נויטיק צו האָבן פֿאַר אַ קעניג. און זי אַליין — דאָס הייסט, די קע־ניגין — האָבן די הויפּלײַט מורא געהאַט, וועט אויך ניט האָבן אין זיך די געהעריקע קראַפֿט און שטרענגקײַט צו הערשן איבערן פֿאָלק און האַלטן אים אין מורא.

איז דעריבער, ווען דאָס ייִנגל איז געבוירן געוואָרן, געווען אַ גרויסע שמחה אין הויף און אַ גרויסע פֿרייד בײַ די הויפּלײַט. אַלע האָבן גליקלעך באַגריסט איינער דעם צווייטן און מיט פֿריידיקע, לויכטנדיקע פּנימער באַגריסט אויך דעם שטראַלנדיקן פֿאָטער. דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט מען געטאַנצט און געהוליעט אין הויף און זיך פֿריי־לעך געמאַכט. עס איז געווען אַ יום־טוב אומעטום און אַ געהויבענע שטימונג אין יעדן ווינקעלע.

אָבער פֿאַר די הויפּלײַט איז דאָס געווען צו ווייניק. זיי האָבן געוואָלט, אַז דאָס גאַנצע לאַנד זאָל זיך פֿרייען מיט זיי און דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל מיטגעריסן ווערן מיט דער גליקלעכער געשעעניש. זיי האָבן געוואָלט, אַז דאָס פֿאָלק זאָל שוין אָנהויבן פֿילן, אַז עס וואַקסט אַ נײַער קעניג, וואָס וועט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר איבערנעמען דעם פֿאָטערס אַמט. האָבן זיי דעריבער אַרויסגעגעבן אַ באַ־פֿעל, אַז יעדער איינער זאָל וואַרפֿן די אַרבעט און אַרויס אין גאַס פֿײַערן דעם יום־טובֿ און באַגריסן דעם ערשט־געבוי־רענעם פּרינץ.

דעם פֿאָלק אָבער איז די גאַנצע זאַך ווייניק וואָס אָנ־

געגאַנגען. דאָס פֿאָלק איז געווען פֿאַרנומען מיט זײַנע אייגענע זאָרגן און דאגות און מיט זײַנע טאָג־טעגלעכע יאָגענישן נאָך אַ שטיקל ברויט. דערצו איז דאָס געבורט פֿון אַ קינד ניט געווען אַזאַ גרויסע זעלטנהײַט און אַזאַ גרויסער יום־טובֿ בײַם פֿאָלק. דאָס פֿאָלק האָט געוואוסט: נאָך אַ קינד אין דער משפּחה, מיינט נאָך אַן עסער, נאָך אַ פֿליקער, נאָך אַ פּאָר שיכלעך אַ יאָר און נאָך אַ מאַנטעלע, אָדער אַ קליידעלע — און במילא: נאָך הוצאות, נאָך זאָרג, נאָך קאָפּדרייעניש און נאָך עגמת נפֿש. און גראַדע ווי אויף צו להכעיס, ווײַל דאָס לעבן איז אַזוי אויך געווען גענוג שווער, האָבן זיך די געזינדן געמערט און געוואָקסן, און געפֿאַלן אויף די פּלייצעס פֿון די עלטערן, ווי אַ שווערע לאַסט.

איז אויב דאָס פֿאָלק האָט זיך ניט איבעריק געפֿרייט מיט די אייגענע קינדער, זאָל עס זיך נאָך פֿרייען מיטן גע־בורט פֿון אַ פֿרעמדן קינד? דערצו נאָך אַזאַ, וואָס קיין גוטס פֿון אים האָבן זיי אַוודאי ניט וואָס צו דערוואַרטן. מסתּמא וועט ער זײַן אין טאַטן געראָטן און פּונקט אַזאַ רשע, ווי ער... איז וואָס האָבן זיי זיך דאָ וואָס צו פֿרייען? אויב טאַטע־מאַמע וויל — דאָס הייסט, דער קעניג מיט דער קעניגין — זאָלן זיי זיך פֿרייען. מיט זיי אָבער האָט עס גאָרניט צו טאָן...

אַזוי האָט דאָס פֿאָלק געטראַכט און געפֿילט.

אָבער, אַז מען האָט געהייסן וואַרפֿן די אַרבעט און מאַכן אַ יום־טובֿ, האָט מען געמוזט פֿאָלגן. עס איז ניט געווען די איינציקע זאַך בלויז, וואָס דאָס פֿאָלק האָט גע־מוזט טאָן — ניט ווײַל עס האָט געוואָלט טאָן, נאָר ווײַל עס האָט מורא געהאַט ניט צו טאָן.

אַזוי אויך דאָס מאָל. דאָס פֿאָלק האָט געוואָרפֿן די אַרבעט און אַרויס אין די גאַסן.

עס איז קענטיק געווען, אַז דאָס פֿאָלק טוט עס אָן חשק און מיט אַ האַלבן האַרצן. די אויגן ביַי יעדערן האָבן גאָרניט אויסגעדריקט קיין פֿרייד און קיין יום־טובֿדיגקייט, און אויף אַ סך פּנימער איז אַפֿילו געלעגן אויסגעגאָסן צאָרן. דאָס פֿאָלק איז געווען אין כּעס, וואָס מען רייַסט אים אָפּ פֿון דער אַרבעט, און אין אַ מיטן מיטוואָך מאַכט מען פּלוצלונג אַ יום־טובֿ. דאָס פֿאָלק האָט שוין געהאַט געגוג דערפֿאַרונג מיט די דאָזיקע יום־טובֿים: פֿריער הייסט מען וואַרפֿן די אַרבעט און מאַכן אַ יום־טובֿ, און נאָכדעם וויל מען פֿאַר דעם טאָג ניט באַצאָלן... איז דעם פֿאָלקס באַציאונג צו די דאָזיקע יום־טובֿים שטענדיק געווען אַ קעגנערישע און אַפֿילו אַ פֿייַנטלעכע.

און דעריבער, ווען דאָס פֿאָלק איז איצט געצוואונגען געווען אַרויס אין די גאַסן, און מיט געמאַכטער שטימונג וואַרפֿן פֿריידיקע אויסרופֿן און אויסשרייַען הילכיקע גליקוואונטשן, האָט עס טאַקע מיטן מויל געזאָפֿן:

— הוראַ, זאָל לעבן דער נייַ־געבוירענער פּרינץ!

— זאָל לעבן אונדזער צוקונפֿטיקער גרויסער הערשער!

אָבער אין האַרצן האָט יעדערער געטראַכט ביַי זיך און געוואונטשן:

— זאָל דער טאַטע זיך אַזוי פֿרייען מיטן קינד, ווי מיר פֿרייען זיך מיט אים... אָפּגעריסענע יאָרן זיי ביידן!..

אָט אַזוי האָט דאָס פֿאָלק געטראַכט און געפֿילט.

# II

די קעניגין דערוויַיל, האָט זיך, ווי יעדע מוטער נאַטירלעך, און נאָך מער אַ ביסל, געפרייט מיטן נייַ־געבוירענעם קינד, מיטן פּרינץ, וואָס זי האָט ערשט גע־בראַכט פאַרן טראָן. זי איז אויך גליקלעך געווען מיט דעם, וואָס דער קעניג וועט איצט האָבן אַ יורש, און זי איז נאָך דערצו שטאָלץ געווען דערפון, וואָס זי האָט אים געהאָלפן ברענגען. אָבער אַרומגיין אַרום אים, אויפּפּאַסן אויף אים, ווי געוויינטלעך אַ מוטער, האָט זי ניט געוואָלט. ניט זי האָט געהאַט געדולד פאַר דעם, און ניט קיין צייַט. וואָרים אַ קעניגין איז דאָך עפּעס ניט קיין פּשוטע פרוי, וואָס מוז האָבן געדולד און צייַט פאַר אירס אַ קינד. אַז אַ קעניגין האָט ניט — מוז זי ניט. און אין דער אמתן: פון וואַנען האָט די קעניגין געזאָלט האָבן געדולד און צייַט? אַז אַ גאַנצן טאָג איז זי געזעסן מיט די שנייַדערינס און געקליבן פּאַסאָ־נען פאַר די נייַע קליידער און מאַנטלען, וואָס זי האָט זיך געהאַלטן כּסדר אין איין מאַכן צו די פאַרשיידענע שמחות און פייַערונגען. און אין די אָוונטן איז זי געווען פאַרנומען טאַקע בייַ די זעלבע שמחות — אָדער בייַ זיך אין פּאַלאַץ, אָדער אין די פּאַלאַצן פון די הויפדאַמען. און וואו זייַנען די טעאַטערס, קאָנצערטן, בעלער און גלאַט אַזוי פאַרוויַי־לונגען? און וואו איז דאָס אויפנעמען געסט, אָדער גיין צו יענעם אין געסט? וואָרים אַ קעניגין איז דאָך עפּעס

ניט קיין פשוטע פּרוי, וואָס גייט צו גאַסט, אָדער נעמט אויף געסט בײַ זיך, נאָר אין אַ יום־טובֿ טאָג. בײַ איר איז יעדער טאָג יום־טובֿ, און דאָס גאַנצע לעבן איז אַ יום־טובֿ...

איז, אַז מען איז אַזוי פֿאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, און מען קומט צוריק אַהיים ערשט שפּעט בײַנאַכט, און מען לייגט זיך אַזוי שפּעט שלאָפֿן, קען מען שוין דערנאָכדעם צו פֿרי ניט אויפֿשטיין, און מען מוז אַריינשלאָפֿן ביזן שפּעטן טאָג אַרײַן. איז וואו נעמט מען צײַט אָפּצוגעבן זיך מיט אַן עופּהלע, וואָס מען דאַרף עס געבן זויגן אַ פֿינף־זעקס מאָל דורכן טאָג, באָדן עס אַלע טאָג, גיין מיט אים שפּאַצירן יעדן טאָג, און געבן אים אַ סך פֿרישע לופֿט און זון־שײַן? — פֿאַר דער קעניגין איז דאָס ניט געווען קיין אַרבעט.

האָט זי דעריבער געזאָגט דעם מאַן אירן — דעם קע־ניג, הייסט עס — אַז ער מוז זען גלײַך קריגן פֿאַרן קינד אַ דינסט, דערצו נאָך אַזאַ, וואָס זאָל גלײַכצײַטיק אויך קענען זײַן אַן אַם. דער קעניג האָט געמוזט אײַנשטימען מיט איר. ערשטנס, האָט ער אײַנגעזען איר גערעכטע טענה. צווייטנס, האָט ער סײַ ווי געמוזט טאָן, וואָס זי האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אים. ווײַל, כאָטש פֿאַר דער וועלט און פֿאַרן גאַנצן לאַנד איז דער קעניג אַלע מאָל פֿאָרגעשטעלט געוואָרן, ווי אַ גרוי־סער און שטרענגער הערשער — און ער איז אַלע מאָל גע־ווען שטרענג צום פֿאָלק, נאָך ווי שטרענג! — איז אָבער בײַ זיך אין הויז האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע מאַנען, געצי־טערט פֿאַרן ווײַב אימת מות. אַזוי ווי עס וואָלט געווען אײַנגעטיילט צווישן זיי: איבערן לאַנד הערשט ער, און אין שטוב הערשט זי... אַזוי, אַז דער קעניג האָט אַלע מאָל געציטערט פֿאַר איר און געמוזט נאָכגעבן אירע אַלע קאַפּ־

ריזן. בפֿרט נאָך איצט, ווען זי האָט אים באַגליקט מיט אַ יורש, האָט ער אַוודאי געוואָלט זי צופֿרידנשטעלן און נאָכ־קומען אירע אַלע פֿאַרלאַנגען.

האָט דער קעניג דעריבער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז אַלע יונגע פֿרויען, וואָס קענען זײַן אַמען, זאָלן זיך מעלדן צו אים, און ער וועט אויסקלײַבן איינע פֿון זיי, וואָס וועט אים אַמבעסטן געפֿעלן ווערן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיך אָפּגערופֿן זייער אַ סך. אייניקע, ווײַל זיי האָבן טאַקע געוואָלט קריגן די שטע־לע, און אַנדערע, ווײַל זיי האָבן מורא געהאַט זיך ניט אָפּ־צורופֿן.

דעם קעניגס אויסוואַל איז גראָד געפֿאַלן אויף איי־נער, וועלכע איז אים שטאַרק געפֿעלן געוואָרן, און זי האָט ער אויסגעקליבן צו זײַן די אַם פֿאַרן ערשט־געבוירענעם פּרינץ. עס איז געווען אַן אָרעמע יונגע פֿרוי, פֿון אַן אָרע־מער אַרבעטער־געגנט, וועלכע האָט אַליין ערשט מיט אַ קורצער צײַט צוריק געבוירן אַ זון. דער פֿרוי האָט זיך



זייער שטאַרק ניט געוואָלט איבערלאָזן איר אייגן קינד אַ גאַנצן טאָג אויף הפקר און גיין אויפּפּאַסן אויף אַ פּרעמדן קינד, אָבער זאָגן דאָס האָט זי מורא געהאַט. זי האָט געוואוסט, אַז עס וועט איר סײַ ווי ניט העלפֿן, און דערצו וועט זי נאָך אַרויסרופֿן קעגן זיך דעם קעניגס צאָרן. האָט זי אָנגענומען איר נײַע שטעלע און געוואָרן אַן אַם בײַם יונגן פּרינץ.

יעדן טאָג פֿלעגט זי קומען אין פּאַלאַץ און אָפּזײַן דאָרט אַ גאַנצן טאָג, ביז שפּעט אין אָוונט. בלויז עטלעכע מאָל דורכן טאָג פֿלעגט זי זיך צוכאַפּן אַהיים, אויף שנעל אײַנשטילן מיט איר ברוסט איר הונגעריק און וויינענדיק קינד, און אײַנשלעפֿערן עס, ביז זי וועט זיך שפּעטער, אין עטלעכע שעה אַרום, ווידער קענען צוכאַפּן און צוקומען אַהער עס ווידער אָנזויגן.

אַזוי זײַנען אַריבער עטלעכע וואָכן.

# III

נאָר איינמאָל האָט פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך. עס איז געווען אַ זוניקער און וואַרעמער זומער־פֿרימאָרגן. די פֿרוי האָט נאָר וואָס אויסגעבאָדן דאָס קינד, אַרײַנגעלייגט עס אין וועגעלע, און אַרויס מיט דעם אין קעניגלעכן גאָרטן אויף אַ שפּאַציר. אָנשטאָט אַוועקצושטעלן דאָס וועגעלע אויף איין פּלאַץ קעגן דער זון און אַליין דערווײַל זיך זעצן אָפּרוען, אָדער כאַפּן אַ דרעמל, האָט זי עס גענומען אומפֿירן איבער די אויסגעלייגטע וועגן און זאַמדיקע אַלייען פֿון גאָרטן, איבער די געדרייטע און געשלענגלטע שטעגן, צווישןביימער און קוסטעס, ביז זי איז אַזוי צוגעקומען צום ראַנד פֿון גאָרטן. דער גאָרטן איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אײַזערנע שטאַכעטן, און דאָ און דאָרט זײַנען אויך געווען טירלעך, וואָס האָבן אַרויסגעפֿירט אויף יענער זײַט. זיי זײַנען איצטער גראָד געווען אָפֿן און ניט באַוואַכט. דאָרט, אויף יענער זײַט, האָבן זיך געצויגן ברייטע אָפֿענע פֿעלדער, פֿאַרוואָקסן מיט הויכע גראָזן און זאַנגען, און פֿילקאָלירטע פֿאַרביקע בלימלעך צווישן זיי. זי האָט אַרויסגעפֿירט דאָס וועגעלע אויף יענער זײַט צאַם.

זי איז געבליבן שטיין פֿאַרגאַפֿט פֿון דער נײַער פּאַנאָראַמע, וואָס זי האָט דערזען. זי האָט אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך אין אַלע זײַטן און באַוואונדערן די שיינע לאַנדשאַפֿט אַרום. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט זי אַזאַ פּראַכט

און אַזאַ רחבֿות געזען. מיט באַגײַסטערונג און פֿרייד האָט זי אײַנגעאָטעמט אין זיך די פֿרישע לופֿט, וועלכע איז אָנגעזאַפּט געווען מיט די ריחות פֿון די הונדערטער פֿאַרשיידנאַרטיקע בלימלעך, וואָס האָבן זיך געטונקט צווישן די גראָזן און זאַנגען, ווי לעבעדיקע ווינקענדיקע אייגעלעך.

זי איז אַרײַנגעפֿאַלן ווי אין אַ שטילן לײַכטן דרעמל.

פּלוצלונג האָט זי דערזען ניט ווײַט אַ העזעלע. זי האָט גאָרניט באַמערקט, פֿון וואַנען ער האָט זיך גענומען. עס איז געווען אַ קליין, גרוי העזעלע, מיט גרויסע אויפֿגעשטעלטע אויערלעך און פֿריילעכע, לעבעדיקע אייגעלעך. צוערשט איז ער אומגעשפּרונגען רואיק צווישן די גראָזן, שטיל, ווי קיין זאַך וואָלט אים ניט געשטערט. מיט אַמאָל, באַמערקנדיק זי, איז ער געבליבן שטיין איר אַנטקעגן, אָנגעשפּאַרט זיך אויף די הינטערשטע פֿיסעלעך, און גענומען קוקן אויף איר מיט זײַנע פֿאַרוואונדערטע, סאַמעטענע אייגעלעך.



אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען אַזוי און ניט געקענט זיך אָפּרײַסן פֿונעם פֿאַרכאַפּנדיקן בילד.

צי דאָס איז געווען אַ צופֿעליק העזעלע, וואָס האָט באַוואונדערט דעם מענטשן, וועלכן עס האָט צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן געזען, אָדער אַ ספּעציעל צוגעשיקטער, וואָס האָט געדאַרפֿט אָפּציען איר אויפֿמערקזאַמקײַט צו זיך, אָבער, ווען זי האָט זיך שפּעטער אַ ווײַלע אויפֿגעכאַפּט פֿונעם באַגײַסטערטן דרעמל און אומגעקוקט זיך צוריק צום קינד אין וועגעלע, — האָט זי דאָס וועגעלע געפֿונען אָפּגערוקט אָן אַ זײַט, צעוואָרפֿן און ליידיק, און דאָס קינד — דער קע־ניגלעכער פּרינץ — דאָרטן ניטאָ...

צוערשט איז זי געבליבן שטיין, ווי געליימט. אירע פֿיס זײַנען ווי צוגעשמידט געוואָרן צו דער ערד און זי האָט זיך ניט געקענט רירן. איר צונג איז ווי אָפּגענומען געוואָרן און זי האָט ניט געקענט אַרויסלאָזן קײַן איין קלאַנג. איר מוח האָט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן און פֿאַר די אויגן איז איר געוואָרן פֿינצטער. זי האָט ניט געוואוסט, צי זעט זי דאָס טאַקע אַזוי, אָדער עס דאַכט זיך איר בלויז אויס — עס איז בלויז אַ חלום.

עס האָט גענומען אַ היבשע ווײַלע, ביז אירע חושים האָבן צוריק אָנגעהויבן אַרבעטן. אָבער, קומענדיק צו זיך, האָט זי ערשט באַגריפֿן, וואָס עס איז געשען. זי האָט פֿאַר־שטאַנען, אַז פֿאַר דער צײַט, וואָס זי איז געשטאַנען אַזוי פֿאַרטראַכט, געשטאַנען און באַוואונדערט די נאַטור אַרום און דאָס העזעלע, האָט זיך עמיצער שטיל צווישן די גראָזן אונטערגעגנבעט און אַרויסגענומען דאָס שלאָפֿעדיקע קינד פֿון וועגעלע.

איר האָט זיך דער קאָפּ גענומען דרייען פֿון פֿאַר־

צווייפֿלונג. זי האָט ווילד גענומען אומלויפֿן הין און צוריק, וואַרפֿנדיק פֿאַרצווייפֿלטע בליקן אין אַלע זײַטן און נישט וויסנדיק, וואָס צו טאָן. זי האָט זיך געלאָזט לויפֿן אין אַלע זײַטן און גענומען זוכן, וואו זי האָט געקענט. זי האָט אויס־געטאַפּט אַלע ווענט און שטעגן, אויסגעזוכט אַלע באַהאַל־טענע ווינקעלעך אין גאָרטן, געזוכט און גענישטערט צווישן דיביימער און קוסטעס, צווישן די הויכע גראָזן און בלימ־לעך אין פֿעלד — אָבער אומזיסט: אין ערגעץ איז פֿונעם קינד קיין שפּור ניט געבליבן...

זי האָט שוין געוואָלט נעמען לויפֿן צוריק צום פּאַלאַץ און אָנזאָגן דאָרט די שרעקלעכע בשורה, אַז מיטן פּרינץ האָט אַן אומגליק פּאַסירט, אַז דער פּרינץ איז אַרויסגענומען געוואָרן פֿון וועגעלע און פֿאַרשוואונדן אָן שפּור. אָבער עפּעס האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ און זי איז געבליבן שטיין: — נו, און וואָס איז, אַז מען וועט ערשט נאָכדעם דעם פּרינץ ניט געפֿינען? אָדער געפֿינען אים גאָר אַ טויטן?...

זי האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז אַ געפֿערלעכע זאַך צו ברענגען צוטראָגן אין הויף די דאָזיקע בשורה. ניט די הויפֿלײַט און ניט דער קעניג מיט דער קעניגין וועלן איר גלויבן און נעמען איר וואָרט. גיכער וועלן זיי זי חושד זײַן אין אַ פֿאַרשווערונג, צוזאַמען מיט אַנדערע, אומצוברענגען דאָס קינד. און אַפֿילו, ווען זיי זאָלן איר יאָ גלויבן, וועלן זיי עס איר קיינמאָל ניט מוחל זײַן. מיט שווערע שטראָפֿן, מיט פּײַניקנדיקע יסורים, וועלן זיי איר מאַכן איר שולד אויסקויפֿן. און אפֿשר ניט בלויז מיט שטראָפֿן אַליין, נאָר טאַקע מיט איר קאָפּ, מיט איר לײַב און לעבן — און אפֿשר אויך מיט איר קינדס לעבן! —

וועלן זיי איר מאַכן פֿאַר דער ניט פֿאַרזיכטיגקייט צו באַ־צאָלן...

זי איז געשטאַנען און געציטערט פֿון שרעק און פֿאַר־צווייפֿלונג.

פּלוצלונג האָט אַ געדאַנק אויפֿגעבליצט אין איר מוח. אַ סעקונדע האָט זי אַ קלער געטאָן, און איר פּנים האָט אויפֿגעשטראַלט. די שרעק אין אירע אויגן איז מיט אַמאָל פֿאַרשוואונדן, און אַנטשלאָסנקייט און האָפֿענונג האָט דורך זיי אַרויסגעשײַנט. זי איז איצט געווען זיכער בײַ זיך און געוואוסט, וואָס זי האָט צו טאָן.

בליץ־שנעל האָט זי אַרײַנגעפֿירט צוריק דאָס ליידיקע וועגעלע אין גאָרטן און באַהאַלטן עס צווישן די ביימער און קוסטעס. און נאָכדעם איז זי, פּונקט אַזוי שנעל, גע־לאָפֿן צו זיך אַהיים, אַרויסגענומען איר אייגן קינד פֿון בעַ־טעלע, גוט עס אַרומגעוויקלט, און געלאָזט זיך לויפֿן צוריק. אומבאַמערקט האָט זי עס געבראַכט אין גאָרטן, אַרויסגע־פֿירט דאָס וועגעלע פֿון צווישן די קוסטעס, און אַרײַנגע־לייגט דאָרטן איר קינד. זי איז זיכער געווען, אַז קיינער האָט גאָרנישט באַמערקט. און מיט געמאַכטער רואיגקייט, ווי קיין זאַך וואָלט גאָרניט געשען, האָט זי זיך אומגעקערט צוריק אין פּאַלאַץ.

זי איז זיכער געווען, אַז קיינער וועט דעם אומבײַט און דעם אונטערשייד ניט באַמערקן. סײַ ווי איז דער אונ־טערשייד צווישן נײַ־געבוירענע קינדער ניט גרויס גענוג צו וואַרפֿן זיך אין די אויגן, און קיינעם וועט גאָרניט אײַנ־פֿאַלן וואָס עס איז חושד צו זיין און זוכן דעם אונטערשייד. דערצו נאָך האָט קיינער אין הויף ניט באַמיט זיך צו קומען אָפּט זען דאָס קינד. די הויפֿלײַט זײַנען צופֿרידן געווען פֿון

דעם פֿאַקט אַליין, וואָס דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, וואָס אַ פּרינץ און אַ יורש איז דאָ, — און ווײַטער וועט שוין אויף אַלץ אויפֿפּאַסן די אַם.

די מוטער אַליין — די קעניגין, הייסט עס — האָט זיך אויך זעלטן ווען גענומען די מי אָנצוקוקן דאָס קינד. ניט זי האָט צײַט געהאַט פֿאַר דעם, ניט זי האָט געהאַט דאָס געדולד דערצו. זי האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרלאָזן אויף דער אַם און איז זיכער געווען, אַז דער פּרינץ און יורש איז אין גוטע הענט. נאָר פֿון צײַט צו צײַט — מערסטנס פֿאַרן אַוועקגיין ערגעץ ביז שפּעט אין דער נאַכט — פֿלעגט זי זיך אַרײַנכאַפּן אינעם קינדס צימער, וואַרפֿן אויף דעם אַ בליק פֿון דער ווײַטנס, איבערפֿרעגן די פֿרוי, צי איז דאָס קינד זאַט, צופֿרידן, וויינט ניט און שלאָפֿט גוט, און — אַ סך מאָל איידער זי פֿלעגט נאָך באַקומען אַן ענטפֿער אויף די פֿראַגן — אַרויסכאַפּן זיך צוריק, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אין צימער, ווי אַן עק, אַ כוואַליע פֿון אויפֿגעטרייסלטער לופֿט.

אַזוי, אַז אויך די קעניגין האָט דעם בײַט ניט באַמערקט, און די גאַנצע געשעעניש האָט פֿאַר איר ניט עקזיסטירט, ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט.

# IV

באַלד נאָך דער געשעעניש איז די פֿרוי געווען אַביסל צעמישט און צעטומלט פֿון דער שטאַרקער איבער־לעבונג. זי האָט זיך געפֿונען אונטער דעם איינדרוק פֿון דער פּאַסירונג און געשראָקן זיך, טאָמער ווערט אַלץ אויפֿ־געדעקט. און דאָס, האָט זי געוואוסט, וועט זיין שרעקלעך! איר זינד וועט איצט באַטראַכט ווערן, ווי צווייפֿאַך, און איר שטראָף פֿאַר דעם וועט איצט זיין פֿילפֿאַך. אין אַזאַ פֿאַל, האָט זי געוואוסט, וועט איר מאָמענטאַלע געוואַגטקייט און בליץ־שנעלער איינפֿאַל איר קאָסטן צו טייער. איר קינד, אין דעם פֿאַל, וועט זיין דער ערשטער אויסצושטיין דעם צאָרן פֿון די הויפֿלייט און פֿאַלן אַ קרבן פֿון זייער נקמה. עס איז געווען שרעקלעך צו טראַכטן פֿון דעם! אָבער, וואָס האָט זי געקענט טאָן? עס איז געווען אַן אָפּגעטאָנענע זאַך, און ווען זי וואָלט אַפֿילו געוואָלט איצט חרטה האָבן, איז שוין אויך געווען צו שפּעט. אַלץ האָט געדאַרפֿט איצט איבערגעלאָזן ווערן צו דעם נאַטירלעכן גאַנג, מיט דער האָפֿענונג, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן גוט. וואָס אַ טאָג לענגער איז אַריבער, איז איר האָפֿענונג שטאַרקער גע־וואָקסן, אַז אַלץ וועט אַריבער בשלום.

אָבער צוגעוואוינען זיך צו דער נייער לאַגע, איז איר ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען. אַ סך מאָל פֿלעגט זי זיך פֿאַר־געסן, איבערלאָזן דעם „פּרינץ" אין פּאַלאַץ, און לויפֿן צו

זיך אַהיים אָנצוקוקן איר אייגן קינד. ערשט, ווען זי פֿלעגט אַרײַנקומען אינעווייניק און טרעפֿן דאָס הויז פוסט און דאָס וויגעלע ליידיק, פֿלעגט זי זיך כאַפּן, אַז זי איז אומזיסט געלאָפֿן, אַז זי האָט זיך מער ניט וואָס צו אײַלן אַהער, און אַז איר קינד, טאַקע איר אייגן קינד, ליגט ווי אַ פּרינץ, רואיק און זיכער, אינעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, באַשיצט און באַזאָרגט.

ביסלעכווײַז האָט זי זיך צוגעוואוינט צו דעם, ווי צו אַ נאַטירלעכער זאַך. זי האָט זיך צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז איר קינד איז אַ פּרינץ, איז דער פּרינץ, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פֿונעם וועגעלע אויפֿן שפּאַציר, און וועט במילא איצט האָבן די אַלע פּריווילעגיעס, וואָס יענער וואָלט געהאַט. ער וועט זיך האָדעווען אין רײַכקײַט און אין וואוילטאָג און באַקומען די העכסטע דערציאונג, וואָס מען קען נאָר קריגן. און ווען דער קעניג וועט אַ מאָל שטאַרבן, וועט ער זײַן דער געזעצלעכער יורש, וועט ער פֿאַרנעמען דעם קעניגלעכן טראָן און ווערן קעניג פֿון לאַנד.

איר קינד וועט ווערן קעניג! וואָס פֿאַר אַ פֿאַנטאַסטישער חלום! וואָס פֿאַר אַ וואונדערלעכער טראַף! וואָס פֿאַר אַן אומגלויבלעכע זאַך! איר קינד, וואָס האָט זיך געזאָלט האָדעווען אין אָרעמקײַט און נויט, אין עלנט און קנאַפּקײַט, און שפּעטער אויסוואַקסן פונקט אַזוי אָרעם און ניט פֿאַרזיכערט, ווי אַלע אַנדערע קינדער אין דער געגנט, איז דורך אַ צופֿאַל אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ גאָלדענעם שליטעלע, וואָס וועט אים פֿירן דורך גליקלעכע וועגן באַרג־אַרויף, אַזש צום העכסטן שפּיץ־פונקט — צום קעניגטום!

איר קאָפּ האָט זיך געדרייט פֿון פֿאַנטאַסטישן אײַנ־

פֿאַל און איר האַרץ האָט געפּלאַצט פֿון גליק. עס האָט איר ניט געאַרט דערביַי, וואָס זי אַליין וועט ווייניק געניסן פֿון דעם דאָזיקן גליק, וואָס פֿאַרן פּריַיז פֿון איר קינדס צו־קונפֿט און גליק, פֿאַרלירט זי דערביַי איר אייגענעם: דאָס גליק פֿון צו זיַין אַ מוטער און געניסן פֿונעם קינדס ליבע און צערטלעכקיַיט, און שפּעטער, אויף דער עלטער, פֿון זיַין אויפֿמערקזאַמקיַיט און זאָרג.

איר האָט קיַין זאַך ניט געאַרט, אַבי איר קינד זאָל זיַין גליקלעך — דער גליקלעכסטער צווישן מענטשן!

פֿון ציַיט צו ציַיט פֿלעגן געדאַנקען און שטימונגען פֿאַרשאָטענען איר גליק. איר פֿלעגט זיך דאַכטן, אַז איר קינדס גליק איז ניט זיַינער, נאָר אַז עס איז צוגערויבט גע־וואָרן פֿון אַן אַנדערן, וואָס איז דער געזעצלעכער באַלעבאָס איבער דעם. ווי אַ פֿרוי און אַ מוטער, פֿלעגט איר וויי טאָן דאָס האַרץ איבער דער טראַגעדיע פֿונעם קינד, וואָס איז אין מיטן שלאָף, אין מיטן העלן טאָג, אַרויסגענומען געוואָרן פֿון זיַין וועגעלע, און פֿונעם העכסטן וואוילטאָג פֿאַראור־טיילט געוואָרן צו שווערער פּיַיניקונג און מאַטערניש, און אפֿשר אויך — ווער ווייס! — צו טויט... זי פֿלעגט זיך טרייסטן דערביַי, וואָס ניט זי האָט עס געוואָלט, ניט זי האָט מיטגעווירקט דערצו, עס זאָל פֿאַסירן. זאָלן עס האָבן אויף זייער געוויסן און אויף זייערע הענט יענע, וואָס האָבן דעם פֿאַרברעכן פֿאַרקלערט און דורכגעפֿירט, — איר געוויסן איז ריין!

עס פֿלעגט זי אויך מאַטערן דער געדאַנק, וואָס איר קינד, געבוירן מיט די פֿיַינע מענטשלעכע אייגנשאַפֿטן פֿון אַ פֿאָלקס־קינד, וועט אינעם פּאַלאַץ, אין פֿאַרלויף פֿון זיַין דערציאונג, אונטער דער פֿאַרדאַרבנדיקער ווירקונג פֿונעם

קעניגלעכן הויף און זײַנע פֿאָדערונגען, ביסלעכווײַז אויס־
קרימען זײַן גײַסט און פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַן אוממענטש —
אין אַ מענטש מיט אומגעצוימטע קאַפּריזן, מיט אומגעצוים־
טער הערשערישער לוסט, וואָס באַטראַכט דאָס פֿאָלק, ווי
שקלאַפֿן און קנעכט, און ווי אייזלען, וואָס דינען בלויז צו
רײַטן אויף זיי . . . איר פֿלעגט ווי טאָן דאָס האַרץ דער־
בײַ. וויפֿל וואָלט זי עס געגעבן, אַז זי זאָל קענען באַאײַנ־
פֿלוסן איר קינדס דערציאונג, ער זאָל אויסוואַקסן אַ מענטש!
מיט געפֿילן פֿון מיטלייד פֿאַרן לײַדנדיקן, מיט יושר פֿאַרן
אָרעמען און גערעכטיגקײַט פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק. אַ מוסטער־
קעניג זאָל ער זײַן, וועלכן דאָס פֿאָלק זאָל ליב האָבן און
בענטשן, און זײַן נאָמען זאָל זיך צעטראָגן איבער דער גאַנ־
צער וועלט!

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט נאָך אויך אין איר אַ שלאָג
טאָן אַ שרעק, טאָמער ווערט די גאַנצע זאַך סוף כּל סוף
אויפֿגעדעקט, און איר גאַנצער גליק רינט אויס, ווי אַ חלום,
און ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ טראַגישער ענדע. אָבער זי
איז געווען אַזוי אַנטשלאָסן אײַנצוהאַלטן מיט אַלע מעגלעכ־
קײַטן דעם אומגעוויינלעכן טראַף, אַז זי האָט אויסגעאַרבעט
אַ גאַנצן פּלאַן, ווי אַזוי צו האַלטן זיך אין אַזאַ פֿאַל, ווי אַזוי
צו לייקענען די גאַנצע זאַך און פֿאַרזיכערן זיך מיט דער־
קלערונגען, וואָס זאָלן קלינגען באַגלויבט און אמתדיק. אי־
בעריקנס, אין דעם זין, האָט זי זיך וואָס ווײַטער אַלץ מער
באַרואיקט און אויפֿגעהערט טראַכטן פֿון דעם.

# V

אַזוי זײַנען אַריבער עטלעכע יאָר. דער פּרינץ איז געוואָקסן און געוועזן זייער געראָטן. ער איז געוועזן אַ שיין, געזונט און פֿריילעך קינד. אַלע אין הויף האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט. אַז ער איז ניט צו שטאַרק געראָטן, ניט אינעם קעניג, ניט אין דער קעניגין, און אויך ניט אין זײַנע שוועסטער, איז קיינעם ניט אײַנגעפֿאַלן צו באַמערקן. אַלע זײַנען געוועזן גליקלעך, וואָס דער פּרינץ וואַקסט אַזוי געראָטן און וועט זײַן אַ פּאַסנדער יורש. אין זײַנע קינדערשע שטריכן און קינדערשן כאַראַקטער איז שוין געווען צו דערקענען דעם שפּעטערדיקן יוגנטלעכן, און עס איז ניט שווער געוועזן פֿאָרצושטעלן זיך, אַז אין יאָרן אַרום, ווען אים וועט אויסקומען איבערצונעמען דעם טראָן, וועט ער זײַן אַ שיינער יונג מיט אַן אײַנדרוקספֿולן פּנים, וואָס וועט אַרויסרופֿן רעספּעקט און אונטערטעניגקייט צו זיך. דאָס פֿאָלק וועט באַווירקט ווערן, אַז עס דאַרף זײַן שטאָלץ און גליקלעך מיט אַזאַ קעניג, און דאַרף אָננעמען אַלע זײַנע באַפֿעלן און פֿאַראָרדענונגען, ווי שווער זיי זאָלן ניט זײַן, געהאָרכזאַם און ווילִיק.

אַלע הויפֿלײַט און מלוכה־לײַט האָבן פֿאַרוואָרפֿן דעם קעניג און די קעניגין מיט קאָמפּלימענטן פֿאַר האָבן געבראַכט אויף דער וועלט אַזאַ שיין און געראָטן קינד, אַזאַ פּאַסיקן יורש. אויך דער פֿרוי, וועלכע איז שוין לאַנג מער

קיין אַם ניט געווען, נאָר בלויז אַן אויפּפּאַסעריך, זײַנען פֿון צײַט צו צײַט צוגעפֿאַלן ברעקלעך פֿון די דאָזיקע קאָמפּלי־מענטן און לויב פֿאַר דער גוטער אויפּפּאַסונג, וואָס זי האָט געשיינקט דעם פּרינץ.

אָבער דערפֿאַר איז שוין אויך די צײַט איצט געקו־מען, ווען מען האָט זיך מער אין איר ניט געניטיקט. דער פּרינץ האָט, לויט די אָנגענומענע פּירונגען אין קעניגלעכן הויף, איבערהויפּט נאָך אַלס צוקונפֿטיקער יורש, געדאַרפֿט איצט אַריבערגיין אונטער דעם רשות פֿון גואווערנאַנטקעס און גואווערנאַנטן, וואָס זאָלן אים לערנען רעדן פֿאַרשיידענע שפּראַכן, און בכלל אָנהויבן גרייטן צו זײַן צוקונפֿטיקער קאַריערע אַלס הערשער און קעניג.

פֿאַר דער פֿרוי איז דאָס געווען אַ שווערער קלאַפּ. איר מוטער־געפֿיל האָט זיך מיט אַ מאָל אויפֿגעוועקט אין איר און איר פֿריערדיקער זוניקער גליק איז מיט אַמאָל פֿאַרשאָטנט געוואָרן און פֿאַרדעקט געוואָרן מיט אַ כמאַרע. זי האָט געפֿילט אַ שטאַרקן ווייטאָק פֿון דעם, וואָס עס דאַרף פּאַסירן, וואָס זי וועט זיך באַלד מוזן צעשיידן מיט איר קינד. ערשט איצט האָט זי דערפֿילט, אַז ער איז אירער, בלויז אירער, און האָט אין דער אמתן גאָרניט צו טאָן, ניט מיטן הויף און ניט מיט זײַנע פּלענער. אָבער, וואָס האָט זי גע־קענט טאָן? אַזוי, ווי־זט אויס, איז געוואָרן אָנגעצייכנט אין דעם מאָמענט, ווען דאָס אומגליק מיטן אמתן פּרינץ האָט פּאַסירט און ווען זי האָט באַשטימט צו פֿאַרבײַטן אים מיט איר אייגן קינד. נאָך אַלעמען, האָט זי זיך געדאַרפֿט ריכטן אויף דעם און פֿאַרשטיין פֿון פֿריער, אַז עס וועט אַ מאָל קומען צו דעם. אַז עס וועט אַ מאָל קומען אַ צײַט, ווען זי וועט זיך דאַרפֿן שיידן מיט אים, ווען ער וועט זײַן פּרינץ

און זי — אַ פּשוטע פּרוי, אַ געוועזענע אַם און אויפּפּאַסערין, וועלכע וועט מער קיין צוטריט ניט האָבן צו אים. איר הויפּט־פּאַרלאַנג און הויפּט־וואונטש איז איצטער געווען ניט צו ווערן אָפּגעריסן פון אים אינגאַנצן, צו זען אויסווירקן אין הויף, אַז פון צייט צו צייט כאָטש זאָל איר דערלויבט זיין צו קומען אים זען, אַריינצוקומען אין פּאַלאַץ און אָנקוקן אים. פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער פאַרלאַנג וועט דאַרפן אויסגעדריקט ווערן זייער פאָרזיכטיק, עס זאָל ניט אַרויס־רופן דעם מינדסטן חשד קעגן זיך, פאַרשטעלט אונטער דעם אויסרייד פון אַ געטרייער אַם און אויפּפּאַסערין, וואָס האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צום קינד, אַז איר איז שווער מיט אַמאָל אָפּצורייסן זיך פון אים.

זי האָט געוואוסט, אַז איר וועט דאָס ניט אַזוי לייכט אָנקומען, אפשר גאָר אינגאַנצן ניט. אין הויף ווייס מען ניט פון קיין סענטימענטן, איבערהויפּט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן פון פּשוטן פאָלק. אויף אַזאַ איינעם קוקט מען, ווי ער וואָלט גאָר קיין מענטש ניט געווען, און זיינע געפילן האָבן פאַר זיי גאָר קיין ווערט ניט.

אויך דאָס ווענדן זיך צו דעם קעניג און דער קעניגין, האָט זי געוואוסט, וועט ניט שטאַרק העלפן. דער קעניג וועט זי מסתם אָפּשיקן צו דער קעניגין, און יענע וועט מסתם געפינען אַ פּאַסיקן תירוץ אָפּצוזאָגן איר. ערשטנס, איז זי ניט בעסער פון די אַנדערע אין הויף, און צווייטנס, איז זי נאָך דערצו אַ גרויסע שלעכטס און גרויסהאַלטערין, און אַ מענטש פון פּראָסטן פאָלק האָט ביי איר ווייניקער ווערט, ווי אַ פליג אַפילו. אויף די בילדער מאָלט מען זי טאַקע אַלע מאָל שטייענדיק אַרומגערינגלט מיט פּויערים און פּויערטעס און אַנדערע מענטשן פון אַרבעטנדיקן פאָלק,

שמייכלענדיק צו זיי זיס און קוקנדיק אויף זיי מוטערלעך־ליב. אין דער אמתן אָבער האָט זי ניט איינמאָל אונטער־געהערט, ווי יענע האָט זיך אויסגעדריקט וועגן פֿאָלק אין זייער ניט קיין פֿרײַנטלעכע און שיינע ווערטער און באַ־ליידיקט אים אַפֿילו מיט גאָרניט קיין פּאַסנדע אויסדריקן.

זי האָט דעריבער באַשלאָסן אינגאַנצן אָפּוואַרפֿן דעם פּלאַן און, אָנשטאָט דעם, אויסנוצן די געלעגנהײַט, וואָס אינעם פּאַלאַץ האָט זיך פּונקט באַפֿרײַט די שטעלע פֿון אַ וועשערין. זי האָט פֿאָרגעלייגט איר דינסט און, גליקלע־כערווײַז, איז עס באַלד אָנגענומען געוואָרן.

פֿון אַן אויפֿפּאַסערין איבערן פּרינץ איז זי איצט גע־וואָרן אַ וועשערין. יעדע וואָך פֿלעגט זי קומען אין פּאַלאַץ אויף אַ טאָג אָדער צוויי צו וואַשן און פּרעסן און דערבײַ אויך כאַפּן אַ קוק אויף איר קינד, דעם פּרינץ. זי איז צו־פֿרידן געווען כאָטש מיט דעם.

איר האַרץ פֿלעגט אָנקוועלן פֿון נחת, ווען זי פֿלעגט זען, ווי שיין ער וואַקסט, ווי געזונט ער קוקט אויס, און ווי פֿריילעך ער שפּילט זיך. ער איז אַזוי ניט ענלעך געווען אויף די אַנדערע קינדער אין הויף, וועלכע זײַנען דערצויגן געוואָרן לויט דער הויף־עטיקעטע צו זײַן שטענדיק אָנ־געצויגן און ניט פֿרײַ, שטיל און ערנסט, מיט אַ שטענדיקער צוריקגעהאַלטנקײַט, מיט שטענדיק געמאָסטענע טריט און געמאָסטענע ווערטער, אַז עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז זיי זײַנען גיכער מאַנעקענען, איידער לעבעדיקע מענטשן, קליינע נאָבל־לײַט, איידער יונגע קינדער. אויף יעדן טראָט איז נאָך יעדן איינעם נאָכגעגאַנגען אַ גוואווערנאַנט, אָדער גוואווערנאַנטקע, וועלכע האָבן געהאַלטן אין שטרענג נאָכ־קוקן, אַז די קינדער זאָלן חלילה ניט מאַכן קיין אייגענע

באַוועגונגען, נאָר אַלץ זאָל גיין לויט דער עטיקעטע : ציר־לעך־מאַנירלעך.

איר קינד, דעם פּרינץ, האָט מען אויך אַזוי אָנגעהויבן צו דערציִען. גואַווערנאַנטן און גואַווערנאַנטקעס, מערסטנס אַלטע מוידן און בחורים, זײַנען צוגעשטעלט געוואָרן צו אים, וועלכע האָבן געדאַרפֿט היטן זײַן יעדן טראָט און אײַנפּאַסן עס אין באַשטימטע ראַמען. נאָר דער יונגער פּרינץ האָט זיך ניט געלאָזן. זײַן אײַנגעבאָרענע געזונטע רירערוודיג־קײַט און נאַטירלערכקײַט האָבן גובר געווען די שטרענגע אָנזאָגן און אָנווײַזונגען פֿון זײַנע לערער און געלאָזן אים וואַקסן פֿרײַ און נאַטירלעך. אָפּגעריסענע יאָרן האָבן פֿון אים געהאַט די אַלטע מוידן, די גואַווערנאַנטקעס, און די שטרענגע, פּריסט־אַרטיקע, גואַווערנאַנטן, וועלכע האָבן גע־וואָלט אויסוואָרצלען פֿון אים יעדע פֿרײַקײַט און שפּילעוו־דיגקײַט און אַרײַנזעצן אָנשטאָט דעם ערנסטקײַט און צוריק־געהאַלטנקײַט. סוף כּל סוף זײַנען זיי מיד געוואָרן צו קעמפֿן מיט אים און געלאָזט אים צו זיך אַליין, צו דער אייגענער נאַטירלעכקײַט.

זי האָט געזען די דאָזיקע אַנדערשקײַט און געוואוסט די אורזאַך פֿון דעם. זי איז שטאָלץ און גליקלעך געווען מיט דעם. אָבער גלײַכצײַטיק האָט זי אויך געפֿילט אַ טיפֿן טרויער. זי האָט געפֿילט, ווי דער שיינער, געזונטער יינגל, וועלכער איז בלוט פֿון איר בלוט און פֿלייש פֿון איר פֿלייש, ווערט אַזוי ווײַט און פֿרעמד פֿון איר, — טאַקע אַזוי ווײַט, ווי עס איז אַ קעניג פֿון זײַן אונטערטאַן, און אַזוי פֿרעמד, ווי עס קען נאָר זײַן אַ פּרינץ פֿון אַ וועלכן עס איז פּשוטן באַ־דינער אין הויף. אַ סך מאָל, די ערשטע צײַט, פֿלעגט ער צו איר צולויפֿן, דערזעענדיק זי, און וועלן קינדעריש אַרומ־

נעמען און הייס זיך צוטוליען צו איר. באַלד אָבער פֿלעגט הינטער אים אויסוואַקסן אַ שטרענגער גואווערנאַנט, אָדער גואווערנאַנטקע, וועלכע פֿלעגן וואַרפֿן אויף אים אַ שטרענגן בייזן בליק, וועלכער האָט קלאָר באַפֿוילן אָפּצוטרעטן פֿון איר און גאָרנישט האָבן צו טאָן מיט איר.

אַזוי, אַז ביסלעכווייַז האָט די אַמאָליקע קינדערשע נאָענטקייַט און צוגעבונדנקייַט צו איר אָנגעהויבן צו פֿאַר־שווינדן און די פּרייַנטשאַפֿט־געפֿילן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסוועבן. זייער פּלאַץ האָבן איצטער פֿאַרנומען די מוש־טירונגען פֿון די גואווערנאַנטן און גואווערנאַנטקעס, ווי אויך די אַלץ ברייטערע אינטערעסן און אַקטיוויטעטן, וועל־כע זייַנען צוגעקומען דעם יונגן פּרינץ צוזאַמען מיט זייַן וואַקסן און עלטער ווערן.

זי האָט זיך געפֿילט אינעם הויף איצט פֿרעמד און נידע־ריק און מערניט ווי אַ וועשעריןֿ, וועלכער קיינער שיינקט ניט קייַן אויפֿמערקזאַמקייַט. אָבער דאָך האָט זי זיך גע־טרייסט מיטן גליק, וואָס איז איר ווי פֿון הימל אַראָפּגע־פֿאַלן אויף איר קינד און באַדעקט זייַן קאָפּ מיט אַ גאָל־דענער קרוין.

נאָך אַלעמען, וואָס נאָך פֿאַר אַ וואונטשן האָט אַ מו־טער, אויב ניט איר קינדס גליק און וואוילזייַן?

# VI

די צײַט איז דערווײַל געלאָפֿן און צוזאַמען מיט איר די יאָרן. אַ היבשע צאָל יאָרן זײַנען אַריבער. דער פּרינץ איז שוין אַלט געוואָרן אַ יאָר זעכצן־זיבעצן. ער איז געווען הויך, דין און שיין. ער איז געווען קלוג און געביל־דעט. ער האָט גערעדט אויף אַ סך שפּראַכן און געווען אָנ־געלייענט אין פֿאַרשיידענע ביכער. ער איז געווען פֿריילעך און גוטמוטיק, אָבער גלײַכצײַטיק האָט ער געקענט זײַן אויך ערנסט און דענקענדיק.

די פֿרוי האָט אָנגעקוואָלן פֿון גליק יעדעס מאָל, וואָס זי האָט געהאַט אַ געלעגנהײַט צו זען אים כאָטש פֿון דער ווײַטנס. דער דינער פֿוך אויף זײַנע באַקן און די שפּראָצנ־דיקע ווענצעלעך איבער זײַן אויבערשטער ליפּ, האָבן עדות געזאָגט אויף זײַן אָנקומענדיקער רײַפֿקײַט און אויף דער נײַער קראַפֿט, וואָס גיסט זיך אין אים אָן. פֿון אַ ייִנגל האָט ער איצטער אָנגעהויבן ווערן אַ מאַן.

אָבער דערפֿאַר איז איר איצטער אַלץ שווערער אָנ־געקומען צו זען אים. די לאַגע אין לאַנד איז געוואָרן אַ שווערע. טויזנטער און טויזנטער מענטשן זײַנען אומגעע־גאַנגען אָן אַרבעט און גרייט געווען צו פֿאַרקויפֿן די הענט און דעם כּוח פֿאַר שפּאָט־ביליק. טויזנטער פֿרויען, וועלכ־דיק אַרויסהעלפֿן זייערע מענער, האָבן פֿאַרפֿלייצט דעם מאַרק און געבעטן זיך צו נעמען זיי אויף אַרבעט. אַלס

ווּעשערין אין הויף האָט זי אָנגעהויבן קריגן צענדליקער קאָנקורענטקעס, ייִנגערע און גערזינטערע פֿון איר, וואָס האָבן קאָנקורירט מיט איר סײַ אין ביליגקייט, סײַ אין שנעל־קייט, און סײַ אין דער מאָס פֿון אָפּגעטאָנענער אַרבעט דורכן טאָג.

דערצו איז די קעניגין געוואָרן קרענקלעך און שרעק־לעך קאַפּריזנע. עס איז איר שווער געווען צו האַווירן איצט. קיין זאַך איז איר ניט געפֿעלן געוואָרן, און בײַ דער מינדסטער אומצופֿרידנקייט פֿלעגט זי זיך וואַרפֿן און שלײַ־דערן. ניט איינמאָל האָט זי אַזוי געשריען אויף איר, אַז זי האָט זיך געשראָקן דעם צווייטן מאָל צו קומען. זי איז אויף אַן אמת קראַנק געווען און דעריבער געווען שטענדיק בייז און צערייצט. פֿון די שטענדיקע הוליאַנקעס, פֿונעם שטענדיקן זויפֿן און פֿרעסן, האָט זיך בײַ איר אין בויך אַנט־וויקלט אַ קראַנקהייט, וואָס האָט זי שרעקלעך געמאַטערט.

דערצו האָט זיך בײַ דער קעניגין לעצטנס באַוויזן אַ מאָדנער ווידערגעפֿיל צו איר און אַזוי ווי אַ פֿײַנטשאַפֿט. פֿאַרן טויט האָבן זיך אירע חושים, קענטיק, פֿאַרשאַרפֿט און זי האָט ווי דערפֿילט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט מיט דער פֿרוי, וואָס קומט צו איר וואַשן און פֿרעסן און טאָן אַנדערע אַרבעטן פֿאַר שפּאָט־ביליק, און אַז אפֿשר ניט צוליב דעם גאָר קומט זי אַהער. זי האָט זי אָנגעהויבן נאָכקוקן מיט חשד און בייזע בליקן, און ענדלעך, אין איין שיינעם טאָג, האָט זי איר געמאָלדן, אַז זי נויטיקט זיך מער ניט אין איר אַרבעט און זי דאַרף מער ניט קומען. די דערשראָקענע פֿרוי האָט געפֿילט, אַז אַלץ איז געענדיקט איצט. רעדן און בעטן וועלן דאָ ניט העלפֿן. פֿאַרקערט, זאָל זי זיך נאָר איין וואָרט אָנ־רופֿן, וועט מען זי אינגאַנצן אַרויסטרײַבן.

אַ שטילע און אַ שוויַיגנדיקע האָט זי פֿאַרלאָזט צום לעצטן מאָל דעם פּאַלאַץ און געפּילט, ווי מען וואָלט זי פֿון דאָרטן אַרויסגעוואָרפֿן.

פֿאַר אַ צײַט האָט זי זיך געשראָקן צו ווײַזן זיך אַפֿילו נאָנט פֿאַרן פּאַלאַץ. זי האָט מורא געהאַט, אַז די קעניגין וועט זי נאָך אפֿשר באַמערקן, דער חשד אין איר וועט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט ווערן, — און ווער ווייס, וואָס פֿון אַזאַ זאַך קאָן זיך שפּעטער אויסלאָזן? אפֿשר פּײַניקט גאָר די קעניגין אַ פֿאָרגעפֿיל, אַז דער פּרינץ איז גאָרניט אירער? אַז זי, די געוועזענע אַם זײַנע, איז פֿאַרמישט געווען אין אַ פֿאַרשווערונג קעגן איר אמתדיק קינד, וועלכעס איז פֿאַר־ביטן געוואָרן אויף אַן אַנדערס?... מען וועט זי נעמען פּײַניקן און מאַטערן און, סוף כּל סוף, אַרויסקריגן פֿון איר אַ דערקלערונג, וואָס וועט קלאָר מאַכן די גאַנצע זאַך און אויפֿדעקן דעם גאַנצן אמת...

זי האָט זיך געשראָקן דערפֿאַר און בעסער אינגאַנצן אויסגעמיטן צו דרייען זיך אַרום פּאַלאַץ.

אָבער אין אַ צײַט אַרום, ווען איבערן שטאָט האָבן זיך צעוויינט די קירכן־גלאָקן און אָנגעזאָגט דעם פֿאָלק די טרויעריקע בשורה, אַז די קעניגין איז געשטאָרבן נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע, איז איר גרינגער געוואָרן אויפֿן האַרצן. זי האָט זיך מער ניט געשראָקן צו גיין פֿאַרבײַ דעם פּאַלאַץ און אָפֿט אויך אַרײַנקוקן אין הויף, טאָמער וועט דאָרט צו־פֿעליק דורכגיין איר זון, דער פּרינץ, און זי וועט אים קענען זען כאָטש פֿון דער ווײַטנס. איבעריקנס, האָבן די וואַכלײַט בײַם טויער סײַ ווי זי געקענט און ניט געשטערט איר צו שטיין און קוקן אַזוי לאַנג, ווי זי האָט געוואָלט.

און שטיין האָט זי גראָד געמוזט איצט אָפֿט זייער לאַנג.

ווײַל דער יונגער פּרינץ איז איצט געווען מערסטנס פֿאַר־
נומען אינעווייניק אין פּאַלאַץ און פֿלעגט זיך זייער זעלטן
ווען באַווײַזן אין הויף.



# VII

אזוי איז די צײַט אַלץ געגאַנגען. דער יונגער פּרינץ איז געוואַקסן אַלץ שענער און שטאַרקער און די מו־טער זײַנע איז געוואָרן אַלץ שענער און באַזאָרגטער. צו דער שטענדיקער בענקשאַפֿט אירער נאָך איר קינד, צו דעם ווייטאָק, וואָס איר קינד איז ניט אירס, איז פֿרעמד און ווײַט פֿון איר, און וועט גאָר קיינמאָל דעם אמת ניט דערוויסן זיך, — צו דעם אַלעמען זײַנען איר איצט צוגעקומען פֿרישע זאָרגן: איבער דער וועלט איז שטאַרק אומרואיק געוואָרן...

פֿון אַלע זײַטן זײַנען אָנגעקומען באַאומרואיקנדיקע ידיעות: דאָס פֿאָלק איז אויפֿגערעגט און בונטעוועט זיך קעגן זײַנע הערשער...

פֿון ווײַטע לענדער זײַנען אָנגעקומען נײַס, וואָס האָבן געקלונגען ווי אומגלויבלעך.

צוערשט האָט מען געפּרואווט די נײַס פֿאַרשטיקן, פֿאַר־באַהאַלטן פֿון פֿאָלק, אַז עס זאָל זיך פֿון זיי ניט דערגיין. שפּעטער אָבער, אַז מען האָט דערזען, אַז דאָס פֿאָלק דער־וויסט זיך סײַ ווי, אַז די נײַס דערגייט צו אים סיי ווי דורך אַלערליי קרומע און געדרייטע וועגן, אַז די נײַס שפּאַרט זיך דורך ווי דורך אויפֿגעפּלאַצטע שליוזן און דערגייט צום פֿאָלק נאָך אין אַ פּילפֿאַך פֿאַרגרעסערטער און איבערטרי־בענערער פֿאָרם, האָט מען דעם פֿאַרבאָט אַראָפּגענומען און געלאָזט די נײַס פֿליסן אומגעשטערט, כמעט פֿרײַ. אַמאָל,

מיט אַ צײַט צוריק, וואָלט מען פֿאַר בלויז אויסהערן די נײַס, פֿאַר צוהערן זיך צו זיי, באַקומען אַ האַרבע שטראָף, און דער דערציילער אליין וואָלט זיך אַוודאי מיט גאָרנישט גע־קענט אויסקויפֿן פֿון זײַן זינד. איצט, ווײַזט אויס, איז די צײַט געווען אַן אַנדערע און מען האָט זיך געמוזט מאַכן ניט הערנדיק און ניט זעענדיק. מען האָט פּשוט מורא געהאַט אַנצואווענדן וועלכע עס איז שטראָפֿן. מען האָט מורא געהאַט נאָך מער אויפֿצורעגן די מענטשן, וואָס זײַנען אַזוי אויך געווען געננוג פֿאַרביטערט, און יעדע קלענסטע נײַע אויפֿרעגונג וואָלט געקענט דאָס פֿאָלק אינגאַנצן אַרויס־פֿירן פֿון געדולד און אויפֿרײַסן, ווי אַ הייסער קאָכעדיקער קעסל וואַסער.

און די נײַס איז געווען אַזוי מאָדנע, אַזוי פֿאַנטאַסטיש, אַזוי אומגלויבלעך־וואַגנדיק, אַז שוין בלויז דאָס הערן אַליין האָט געקענט אָנצינדן די פֿאַנטאַזיע און צוגעבן מוט און אָנרעגונג אַליין נאָכצוטאָן דעם בײַשפּיל.

אַזוי, צום בײַשפּיל, האָבן די מענטשן פֿון איין לאַנד פֿאַריאָגט דעם קעניג און דעם טראָן זײַנעם אָוועקגעשטעלט אין מיטן מאַרק און דאָרטן, פֿאַר אַלעמענס אויגן, פֿאַר־ברענט אים.

אין אַ צווייטן לאַנד האָבן די מענטשן פֿאַטריבן דעם קעניג און דעם פּאַלאַץ זײַנעם פֿאַרוואַנדלט אין אַ קינדער־היים — אין אַ היים פֿאַר יענע קינדער, וועמעס עלטערן זײַנען געווען די קרבנות פֿון דעם קעניגס לאַנג־יאָריקער הערשאַפֿט.

אין אַ דריטן לאַנד האָבן די מענטשן אײַנגעשפּאַרט דעם קעניג אין אַ שטײַג און אַוועקגעשטעלט אים אין מיטן מאַרק, מען זאָל קענען אָנקוקן דעם, וואָס האָט יאָרן־לאַנג

געדריקט דאָס פֿאָלק און ברוטאַל געטראָטן אויף זײַנע רעכט.

און אַזוי אײן אַ סך אַנדערע לענדער.

דאָס האָבן די פֿעלקער גענומען נקמה פֿאַר יאָרן־לאַנגער אונטערדריקונג און פֿאַר דורות שמאַכטן אונטערן יאָך פֿון די הערשער.

פֿון אומעטום כמעט זײַנען די קעניגן געלאָפֿן, ווי פֿאַר־סמטע מײַז, און געזוכט אַ פּלאַץ, וואו זיך צו באַהאַלטן.

אויך אין דעם לאַנד איז די לאַגע געווען ווײַט ניט קײַן רואיקע. מענטשן זײַנען אומגעגאַנגען צערייצטע און אויפֿגערעגטע און אָפֿן גערעדט פֿון רעוואָלט.

עס איז קענטיק געווען, אַז די מענטשן איז שווער געווען ווײַטער צו טראָגן די לאַסט פֿון זייער אָרעמען און געמאַטערטן לעבן און זיי האָבן געלעכצט נאָך אַן ענדע־רונג, נאָך אַן איבערבײַט פֿון זייער לאַגע.

עס איז קענטיק געווען, אַז די מענטשן זײַנען גרייט פֿאַר דעם, אַנטשלאָסן פֿאַר דעם. מענטשן, וואָס אַט ערשט נעכטן זײַנען זיי אומגעגאַנגען דערשלאָגענע, אַנטמוטיקטע, געבויגענע, גרייט צו נעמען און פֿאַרטראָגן יעדע באַליי־דיקונג, האָבן פּלוצלונג אויסגעגלײַכט זייערע רוקנס, אין די אויגן בײַ זיי האָט זיך אַ נײַ פֿלעמל אָנגעצונדן, און די פּנימער האָבן אויפֿגעלויכטן מיט נײַעם שטאָלץ, — ווי זיי וואָלטן אין זיך פּלוצלונג נײַע כּוחות דערפֿילט, אַ נײַעם ווערט פֿאַר דער אייגענער ווירדע געפֿונען, און איבער נאַכט גאָר אַנדערע מענטשן געוואָרן.

אין דער גאַנצער אײַנשטעלונג איז פּלוצלונג פֿאָר־געקומען אַן ענדערונג: די יעניקע, וועלכע זײַנען ביז איצט אומגעגאַנגען דערשלאָגענע, פֿאַרצווייפֿלטע, יעדן

איינעם דעם וועג אָפּגעטראָטן און יעדן איינעמס באַליידי־
קונג מוחל געווען, ווי זיי וואָלטן אַליין געגלויבט אין דער
אייגענער נישטיקייט און ווערטלאָזיגקייט, — האָבן פּלוצ־
לונג אָנגעפּילט די גאַסן און סקווערן, און זייערע שטימען
האָבן זיך הויך און אַרויסרופנדיק געטראָגן אין דער לופטן.
און די, פאַרקערט, וואָס האָבן ביז איצט אָנגעפּילט די טע־
אַטערס און קאַפייען, רעסטאָראַנען און קלובן, און אַנדערע
פאַרוויילונגס־פּלעצער, מיט זייער רייכקייט און גערויש,
ברייטקייט און הילכיגקייט, זיכערקייט און חוצפּה, — האָבן
פּלוצלונג, ווי זיי וואָלטן זיך פאַר עפּעס דערשראָקן, פאַר־
שטעקט זיך אין די לעכער — אין זייערע טייערע פּאַלאַצן
און וואוינונגען — און מורא געהאַט די נעזער פון דאָרטן
אַרויסשטעקן און ווייזן זיך פאַרן עולם אין גאַס.
אויך די ביז־איצטיקע מאַכט־טרעגער און אָפּהיטער
פונעם איינגעשטעלטן געזעץ האָבן געזוכט וואָס ווייניקער
צו וואַרפן זיך אין די אויגן און נאָך ווייניקער צו ווייזן דעם
צייכן פון זייער קראַפט: די נאַהייקע, דעם קאַנטשיק, די
שווערד און די ביקס. אונטער די פאָלעס פון זייערע מאַנט־
לען האָבן זיי עס באַהאַלטן, — פון איין זייט, כדי ניט נאָך
מער אויפצואָרענען די מענטשן, און פון דער צווייטער
זייט, אויס מורא, אַז יענע זאָלן עס ניט אַרויסרייסן ביי זיי
און אָנווענדן קעגן זיי אַליין אין אַ פּלוצלונגן אויפברויז פון
נקמה פאַר די פריערדיקע באַגאַנגענע מערדערייען און
ברוטאַלקייטן. און אַן די צייכנס האָבן די נעכטיקע מאַכט־
טרעגער פאַרלאָרן זייער קראַפט און אָנזען און אויסגע־
קוקט קליין, נעבעכדיק און נישטיק. עס איז געווען קאָמיש
ביז גאָר צו קוקן, ווי אַ נעכטיקער העלד, אַ ברייט־פּליי־
ציקער און מגושמדיקער, מיט אַ בייזן צעיושעטן פּנים פון

אַ טיגער, האָט פלוצלונג געזוכט אַרויפֿציען אויף זיך אַ מילדן בליק פֿון אַ לעמעלע און זוכן זיך אײַנצוקויפֿן אין פֿרײַנטשאַפֿט און גוט־ברודערשאַפֿט בײַ אַ קליינעם אויס־געדאַרטן מענטשעלע, וואָס אָט ערשט נעכטן וואָלט ער אים צעטראָטן ווי אַ פֿליג.

אין דעם קעניגלעכן הויף, ווײַזט אויס, האָט מען זיך שטאַרק דערשראָקן פֿאַר דער נײַער ענדערונג אין דעם גײַסט און שטימונג פֿון די מענטשן, און געפּרואווט זיי אײַנ־שטילן און באַרואיקן מיט קליינע צוזאָגן און לײַכטע קאָנ־צעסיעס. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט דער קעניג פּראָקלאַ־מירט, אַז ער לייגט אָפּ אויף נאָך אַ יאָר דאָס אײַנמאָנען פֿון די ניט אײַנגעמאָנטע שטײַערן פֿון פֿאַר פֿינף יאָרן, און אַז ער פֿאַרקלענערט בכלל דעם אָפּצאָל אויף שאַרפֿע געטראַנ־קען און משקאות, אַז דאָס פֿאָלק זאָל זיך קענען מער באַ־נוצן מיט זיי און אײַנקויפֿן זיי אין גרעסערע מאָסן...

ער האָט אויך צוגעזאָגט צו באַפֿרײַען פֿון שטראָף די יע־ניקע, וואָס זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן ניט לענגער, ווי אויף דרײַ מאָנאַטן, און נאָך אַזעלכע קלייניקײַטן.

אין דעם קעניגלעכן הויף האָט מען געהאָפֿט, אַז מען דאַרף נאָר אָפּוואַרטן אַביסל צײַט. דאָס פֿאָלק, איז ווי אַ קינד, האָבן זיי געטראַכט, עס דאַרף זיך נאָר אויסוויינען אַביסל און נאָכדעם פֿאַרגעסט עס זיך... זיי זײַנען זיכער געווען, אַז אויך אין דעם פֿאַל וועט זיך דאָס פֿאָלק אַביסל אָפּטומלען און ביסלעכווײַז באַרואיקן זיך.

אָבער דעם מאָל, ווײַזט אויס, האָבן זיי געמאַכט אַ טעות: דאָס פֿאָלק האָט זיך בשום אופֿן ניט געוואָלט באַ־רואיקן. פֿאַרקערט: פֿון טאָג צו טאָג איז געוואָקסן די אומרואיקײַט. מענטשן האָבן קײַן אַנדער זאַך ניט גע־

טאָן, ווי נאָר געשטאַנען און דיסקוטירט. קיין אַרבעט איז סיי ווי ניט געווען, האָבן די מענטשן געהאַט אַ סך פרייע צייט. און אַפילו די, וואָס האָבן יאָ געאַרבעט, האָט אויך געצויגן בעסער צו שטיין אין גאַס און זיך צוהערן צו די לעצטע נייעס, אָדער זיך צוזאַמענקלייבן אין רעדלעך און זיך צוהערן צו די רעדנער און אַגיטאַטאָרס.

דעם קעניגס וואַכלייט זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס, זיך צוגעקוקט צו די רעדלעך מענטשן, און ניט געוואַגט צוגיין צו זיי. אין אַן אַנדער צייט וואָלטן זיי זיך געוואָרפן אויף זיי מיט שטעקנס און שווערדן, נאַהייקעס און קאַנטשיקעס, און געשלאָגן און געממיתט, — און ניט איינער פונעם עולם וואָלט נאָכדעם געבליבן ליגן אויף דער ערד אַ צעבלוטיקטער. איצט אָבער האָבן זיי ניט געוואַגט צוגיין אַפילו. אָדער זיי האָבן זיך געמאַכט אינגאַנצן ניט זעענדיק, אָדער זיי האָבן אומעטיק זיך צוגעקוקט, ווי די מענטשן דאָרט האַלטן זיך פראַנק און פריי, און רעדן וואָס זיי ווילן, ווי עס וואָלט גאָר קיין עלטסטער אין לאַנד ניט געווען, און ווי עס וואָלט גאָרניט געווען פאַר וועמען מורא צו האָבן. פון דער צווייטער זייט, ווידער, האָט מען באַמערקט זייער מאַכטלאָזיגקייט און שוואַכקייט, און געוואָרן נאָך דרייסטער ביי זיך, און הויך גענומען חוזק מאַכן פון זיי.

ביידע זייטן זיינען געשטאַנען — כאָטש היבשלעך אָפגערוקט איינע פון די אַנדערע — ווי צוויי פיינטלעכע לאַגערן. אייגנטלעך, אַזעלכע זיינען זיי אַלע מאָל געווען, מיט דעם אונטערשייד בלויז, וואָס דעם מאָל האָבן די מענטשן געפילט, אַז די אויבערהאַנט איז אויף זייער זייט און אַז דער שונא איז היבשלעך אָפגעשוואַכט. דאָס האָט

זיי צוגעגעבן נײַעם מוט און צוגעגעבן נײַעם שוואונג צו זייערע פֿאַרלאַנגען און פֿאָדערונגען. מענטשן האָבן איצט אָפֿן גערעדט וועגן רעוואָלוציע און וועגן דעם, אַז עס איז געקומען די צײַט, איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל, זיך באַפֿרײַען פֿונעם קעניג און זײַנע הויפּלײַט און אײַנשטעלן איבערן גאַנצן לאַנד די מאַכט פֿון פֿאָלק.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג, ווען די מענטשן האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און באַשלאָסן דורכצופֿירן דאָס, וועגן וואָס זיי האָבן אַזוי לאַנג גערעדט און געחלומט. קיי־נער איז יענעם טאָג צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. מען האָט געפֿילט, אַז עפּעס גרויסעס דאַרף דעם טאָג געשען.

דאָס פֿאָלק האָט געגלויבט, אַז אַלץ וועט דורכגיין פֿרידלעך און אָן צוזאַמענשטויסן. דער קעניג, האָבן זיי געדענקט, איז אויף אַזוי פֿיל אָפּגעשוואַכט, אַז ער וועט ניט וואַגן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. האָבן זיי דעריבער באַ־שלאָסן פֿון דעם טאָג צו מאַכן אַ יום־טובֿ, — דעם ערשטן מאָל אין לעבן אַ יום־טוב אַן אייגענעם, אַ ניט־אַרויפֿגע־צוואונגענעם, אַ פֿאָלקס־יום טובֿ.

די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעטאָן יום־טובֿדיק. די מע־נער האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן זייערע אַרבעטס־קליידער און די פֿרויען האָבן אָנגעטאָן דאָס שענסטע, וואָס זיי האָבן פֿאַר־מאָגט. די קינדער זײַנען דעם טאָג אין די שולן ניט גע־גאַנגען, און אַלע צוזאַמען, משפּחות־ווײַז, איז מען אַוועק צום הויפּט־סקוועך פֿון שטאָט. עס איז געווען אַ גרויסער ברייטער סקוועך אין צענטער פֿון שטאָט, מיט אַ סך מאָ־נומענטן און שיינעם געפֿלאַסטערטן ברוק, מיט אַ געבוי־טער פלאַטפֿאָרמע אין מיטן און הויכן באַגילדעטן שטאַנג, אויף וועלכן עס האָט שטענדיק געפֿלאַטערט די מלוכה־פֿאָן.

דער סקווער האָט טאַקע אַזוי געהייסן: „דער מלוכה־סקווער", און פּלעגט געוויינטלעך געניצט ווערן פֿאַר מי־ליטערישע פּאַראַדן, וואו דער קעניג פּלעגט איבערקוקן זײַנע סאָלדאַטן און נעמען פֿון זיי אַ שבועה פֿון טרײַהײַט, אָדער פֿאַר אַנדערע מלוכה־יום־טובֿים, וואו דעם קעניגס מיניסטאָרן פּלעגן פֿאָרלייענען פֿאַרן פֿאָלק זײַנע באַפֿעלן און פֿאַראָרדענונגען.

דעם מאָל איז דאָס פֿאָלק דאָ געווען דער באַלעבאָס, און געקומען אַהער פֿײַערן זײַן אייגענעם יום־טובֿ און פּראָקלאמירן זײַן אייגענע פֿרײַהײַט.

די מאַסן האָבן זיך געקליבן אין די טויזנטער. אַלע זײַנען געווען פֿײַערלעך געשטימט און אויף יעדנס פּנים האָט מען געקענט איבערלייענען: „אָט דאָס איז דער טאָג, אויף וועלכן מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט און געהאָפֿט". גלײַכצײַטיק אָבער האָט אויך געהערשט אַ שטילע ניט־זיכערקײַט, אַ צווייפֿלדיקע וואַקלדיגקײַט און אַן אָנגע־שטרענגטע דערוואַרטונג. מען האָט געוואויגן און גע־מאָסטן אין דעם אייגענעם געדאַנק דעם קעניגס מעגלעכע האַנדלונג אין די קומענדיקע שעהן: וועט ער שווײַגנדיק צוזען דעם פֿאָלקס האַנדלונג און לאָזן אים פֿרידלעך גע־ווינען זײַן פֿרײַהײַט, אָדער — אין אויסברוך פֿון קעניגלעכן צאָרן און ווילדקײַט — וועט ער אַרויסשיקן זײַנע סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן און הייסן זיי דערטרינקען דעם פֿאָלקס אויפֿ־ברויז אין טײַכן בלוט?

מען האָט שטיל גערעדט צווישן זיך און געקוקט אין דער זײַט פֿון פּאַלאַץ.

פּלוצלונג האָט פֿון יענער זײַט — טאַקע פֿון דער זײַט פֿון פּאַלאַץ — זיך באַוויזן אַ רײַטער. ער האָט זיך

אַנגעהויבן דערנענטערן צום סקווער. ער האָט זיך וואָס אַ ווײַלע אַלץ מער דערנענטערט, ביז מען האָט אים קלאָר געקענט אַרויסצײַכענען. עס איז געווען אַ הויכער מאַן, מיט גרוילעכע האָר, מיט אַ שטרענגן פּנים, און שטײַפֿע, אַרויפֿצו פֿאַרדרייטע, וואָנצעס, אין אַ בלויען מונדיר מיט גאָלדענע עפּאָלעטן און רויטע לאַמפּאַסן אויף די הויזן. אויף די הענט האָט ער געטראָגן ווײַסע הענטשקעס, און פֿון דער זײַט איז אים אַראָפּגעהאַנגען אַ לאַנגע אויסגע־בויגענע שווערד.

אַ סך פֿון די מענטשן האָבן אים באַלד דערקענט: עס איז געווען דער עלטסטער פֿון די זשאַנדאַרן, די סאַמע גע־טרײַעסטע וואַכלײַט פֿונעם קעניג, אַ מענטש, וואָס איז אַלעמען געווען באַקאַנט מיט זײַן ברוטאַלקײַט און אומ־ברחמנותדיקײַט.

ער איז צוגעפֿאָרן אויף אַ גרויסן שוואַרצן פֿערד. די מענטשן האָבן זיך אַביסל אָפּגערוקט און ער איז צוגעריטן גלײַך צו דער פּלאַטפֿאָרמע. דאָרטן זײַנען געשטאַנען עט־לעכע מענטשן, קענטיק פֿון די פֿירער, פֿון די, וואָס האָבן פֿאַררופֿן די פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג און דעם גרויסן יום־טובֿ.

דער רײַטער האָט שטרענג גענומען רעדן מיט די מענטשן אויף דער פּלאַטפֿאָרמע. קיינער, אויסער די, וואָס זײַנען געשטאַנען גאָר נאָענט, האָט ניט געקענט הערן, וועגן וואָס זיי רעדן. אָבער קענטיק איז געווען, אַז זיי אַמפּערן זיך דאָרט איבער עפּעס, — ער זאָגט זיי: „ניין", און זיי ענטפֿערן נאָר: „יאָ". ענדלעך, ניט קענענדיק, ווײַזט אויס, דורכקומען מיט זיי, האָט ער געגעבן אַ שטויס דעם פֿערד מיט די שפּאָרן און, אַ בייזער, אַוועקגאַלאָפּירט אויף צוריק.

דורכן עולם האָט זיך דורכגעטראָגן די נײַס: ער איז געקומען אינעם נאָמען פֿונעם קעניג באַפֿעלן דעם עולם צו צעגיין זיך. דער קעניג, האָט ער געזאָגט, האָט ניט געגעבן קיין דערלויבעניש אויפֿן יום־טובֿ און דעריבער איז ער ניט קיין געזעצלעכער. אויב דאָס פֿאָלק וויל אַ יום־טובֿ, אָדער האָט וועלכע עס איז טענות, אָדער פֿאַרלאַנגען, זאָלן זיי זיך ווענדן צו אים — דעם קעניג, הייסט עס — מיט אַ פּעטיציע און ער וועט איר שענקען די געהעריקע אויפֿמערקזאַמקייט. אָבער דורך אומגעזעצלעכע מיטלען, דורך מאַכן גלאַט אַזוי אַ יום־טובֿ און צעפּטרן אַ טאָג אַרבעט, — אַזוינס קען ער, דער קעניג, ניט דערלאָזן און ער פֿאָדערט אויף דעריבער די מענטשן גלײַך צו צעגיין זיך און אַוועק צו דער אַרבעט.

אַזוי איז איבערגעגעבן געוואָרן צווישן עולם. און עס איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן, וואָס די פֿירער פֿון פֿאָלק האָבן אים געענטפֿערט. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז פֿון הײַנט אָן נעמען זיי ניט מער קיין באַפֿעלן פֿונעם קעניג. צוליב דעם טאַקע זײַנען זיי הײַנט געקומען אַהער, צו פּראָקלאַמירן זייער פֿרײַהײַט און זייער אומאָפּהענגיגקײַט פֿון אים. פֿון הײַנט אָן איז דאָס פֿאָלק אומאָפּהענגיק און פֿרײַ און נויטיקט זיך ניט אין קיין דערלויבענישן פֿון קיינעם, ניט פֿאַר זײַנע פֿײַערונגען און ניט פֿאַר וואָס אַנדערש.

דעם קעניגס רײַטער איז אַוועקגעפֿאָרן אַ בייזער און אַ צערייצטער, און עס איז קענטיק געווען פֿון דעם, ווי ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן דאָס פֿערד מיט די שפּאָרן, אַז דאָס איז ניט געווען דאָס לעצטע וואָרט, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, אַז עס וועט ניט נעמען לאַנג און ער וועט קומען

צוריק מיט עפּעס אַנדערש — דעם מאָל שטאַרקערס, ווי בלויז ווערטער...

די פּירער, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף דער פּלאַט־פֿאָרמע, האָבן זיך דעריבער געצומען אײַלן.

איינער, נאָך גאָר אַ יונגער, האָט זיך אויסגעדרייט צום עולם און מיט דער האַנט געגעבן אַ צייכן, אַז אַלע זאָלן בלײַבן שטיל. אָבער דאָס לעצטע איז גאָרניט נויטיק געווען, ווײַל סײַ ווי זײַנען אַלע געשטאַנען שטיל און אָנ־געשטרענגט געוואַרט צו הערן פֿון די פּירער.

אין קורצע, געציילטע ווערטער, האָט דער יונגער בחור פֿאָרגעשטעלט דעם הויפּט פֿון דער פּירערשאַפֿט און דעם איינציקן רעדנער פֿון דעם היינטיקן גרויסן יום־טובֿ.

ווי נאָר ער האָט זײַן נאָמען אַרויסגערעדט, האָט דער עולם אויסגעבראָכן אין שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. עס האָט זיך געפֿילט אַ טיפֿע וואַרעמקײַט אין די אַפּלאָדיס־מענטן און אַ שטאַרקע ליבע צו דעם, וועמעס נאָמען עס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן.

צווישן פֿאָלק איז דער נאָמען געווען שטאַרק פּאָפּולער, און אַפֿילו קינדער האָבן וועגן אים געהערט. פֿון קינדווײַז־אויף כּמעט האָט ער זיך איבערגעגעבן דער אידעע צו קעמפֿן פֿאַר דעם פֿאָלקס פֿרײַהײַט, און פֿון דאַמאָלסט אָן איז קײַן איין וויכטיקער קאַמף כּמעט ניט פֿאָרגעקומען — אַ קאַמף קעגן דעם פֿאָלקס אונטערדריקער און הערשער — וואו ער זאָל זיך אין אים ניט באַטייליקן. בײַם קעניג און די הויפּלײַט איז זײַן נאָמען געווען פֿאַרהאַסט און זיי האָבן אים באַטראַכט פֿאַר זייער גרעסטן שונא. ניט איין מאָל האָט דער קעניג באַשטימט גרויסע סומען פֿאַר זײַן קאָפּ, צו דעם וואָס וועט אים ברענגען — אַ לעבעדיקן אָדער

אַ טויטן. אָבער דעם קעניגס מי איז געווען אומזיסט. דאָס פֿאָלק האָט אים באַשיצט מיט זײַן ליבע און אויסבאַהאַלטן אין זײַנע רייען. לעגענדעס זײַנען אַרומגעגאַנגען וועגן אים צווישן פֿאָלק, וואָס האָבן, פֿון איין זײַט, דערציילט פֿון זײַן העלדישקײַט און זײַן קאַמף מיטן פֿאָלקס שונאים און, פֿון דער צווייטער זײַט, אויסגעדריקט די ליבע פֿון פֿאָלק צו אים און דעם צוטרוי, וואָס דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט צו זײַן פֿירערשאַפֿט.

איצט איז דער דאָזיקער פֿירער געשטאַנען פּנים אל פּנים מיטן פֿאָלק. עס איז געווען אַ מאַן פֿון מיטעלן עלטער, מיט אַן ענערגישן פּנים און זיכערע באַוועגונגען, אָבער מיט ווייכע, מילדע און פֿרײַנטלעכע אויגן. אַלעמענס בליקן זײַנען מיט ליבשאַפֿט געווען איצט געווענדעט צו אים.

אָבער קיין צײַט אויף אויסצודריקן איינעמס געפֿילן צום צווייטן איז איצט ניט געווען. מען האָט זיך געמוזט אײַלן. האָט ער דעריבער געגעבן אַ צייכן מיטן האַנט און באַלד זײַנען אַלע אַפּלאָדיסמענטן און באַגײַסטערטע אויסדריקן פֿאַרשטומט געוואָרן. עס איז געוואָרן טויט-שטיל.

— ברידער און שוועסטער! — האָט דער פֿירער אָנ־געפֿאַנגען, און דורכן עולם האָט זיך פֿון די דאָזיקע צוויי ווערטער דורכגעטראָגן אַ וואַרעמער געפֿיל פֿון ברידער־לעכקײַט און פֿרײַנטשאַפֿט.

— ברידער און שוועסטער! — האָט דער רעדנער ווײַטער פֿאָרגעזעצט — מיר זײַנען הײַנט אַלע געקומען אויף דעם סקווער, אָפֿן און פֿרײַ פֿאַר דער וועלט, צו דערקלערן אונדזער גרויסן באַגער און טיפֿן וואונטש פֿאַר פֿרײַהײַט. הונדערטער יאָרן זײַנען מיר, און צענדליקער דורות פֿאַר אונדז, געהאַלטן געוואָרן אין שקלאַפֿערײַ. אַ גאַנץ פֿאָלק

איז געהאַלטן געוואָרן אין שקלאַפֿערײַ פֿון אַ קליין הײַפֿל פּאַראַזיטן און פֿוילנצער. ווי פּיאַווקעס זײַנען זיי געזעסן אויפֿן פֿאָלקס קערפּער, און געזויגן זײַן בלוט, און גענערט זיך פֿון זײַן שווייס און פּראַצע. דאָס פֿאָלק האָט געאַרבעט שווער, געהאָרעוועט, געשאַפֿן אַלץ, און זיי האָבן זיך צו־גענומען די פּרוכט פֿון זײַן שווערער מי...

— און דער קעניג אַליין! — האָט דער פֿירער אויס־געשריען: — איין מענטש האָט געוואָלט אײַנרעדן דעם גאַנצן פֿאָלק, אַז ער שטייט העכער פֿונעם פֿאָלק, העכער פֿון אַלע מענטשן אין לאַנד, אַז ער איז אַן אויסדערוויילטער פֿון גאָט און דעריבער קומען אים אַלע פּריווילעגיעס בײַ די מענטשן אויף דער ערד...

— הונדערטער יאָרן האָט ער, און די קעניגן פֿאַר אים, גענאַרט דאָס פֿאָלק, און דאָס פֿאָלק, פּונקט ווי עס וואָלט באַשטאַנען פֿון קליינע קינדער, האָט זיך געלאָזט נאַרן. אָבער, גענוג איצט! ניט מער! דאָס פֿאָלק איז דער־וואַקסן און פֿאַרשטייט זײַנע אינטערעסן. דאָס פֿאָלק גלויבט מער ניט אין די אײַנרעדענישן, וואָס די קעניגן האָבן אַרויפֿ־געצוואונגען אויף אים — פֿון זייער אייגענער טובֿה וועגן, און פֿון דער טובֿה וועגן פֿון אַ קליין הײַפֿעלע פּרײַנט זייערע און אונטערשטיציצער. דאָס פֿאָלק דאַרף מער ניט האָבן קײַן באַלעבאַטים איבער זיך, קײַן הערשער. דאָס פֿאָלק קען זײַן זײַן אייגענער באַלעבאָס און קען אַליין הערשן איבער זיך.

— נידער מיטן קעניג! נידער מיטן קעניגטום! זאָל לעבן דאָס פֿאָלק! — האָט דער רעדנער באַגײַסטערט אויס־גערופֿן.

— הוראַ, זאָל לעבן דאָס פֿאָלק! נידער מיטן קע־

ניג! — האָבן אַלע ווי איינער אונטערגעכאַפּט דעם אויס־רוף.

— זאָל לעבן די הערשאַפט פון פאָלק! — האָט דער רעדנער פאָרגעזעצט: — זאָל לעבן די רעפּובליק!

— הוראַ, זאָל לעבן די רעפּובליק! — האָט דאָס פאָלק אונטערגעכאַפּט אין ענטוזיאַזם און די אויגן האָבן גענומען לויכטן בײַ יעדערן פון פרייד.

אין דער מינוט האָט פונעם הויכן שטאַנג זיך גענו־מען אַראָפּלאָזן די געל־גרינע פאָן פונעם קעניגטום, און באַלד האָט זיך אויף איר פּלאַץ אויפגעהויבן די פאָן פון פאָלק, אַ שיין אויסגענייטע, מיט גאָלדענע אותיות אין מיטן — מיטן וואָרט: רעפּובליק.

דאָס פאָלק האָט דערזען די נײַע פאָן און אויסגעבראָכן אין אַן אומבאַשרײַבלעכן ענטוזיאַזם.

— הוראַ! הוראַ! — האָט זיך געטראָגן פון אַלע זײַטן.

מענטשן האָבן זיך געוואָרפן איינע אויף די אַנדערע קושן. מאַמעס האָבן געהאַלדזט די קינדער. אַנדערע האָבן געטאַנצט פון פרייד, און דער גאַנצער סקווער האָט גע־הילכט פון די פרייד־געשרייען און ענטוזיאַסטישן יובל. בײַ אַ סך זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

פּלוצלונג האָבן זיך אַלעמענס אויגן אַ ווענד געטאָן אַהינצו, אין דער זײַט פון פּאַלאַץ.

אַ שוואַרצע, געדיכטע מאַסע, עפּעס אַזוי ווי אַ מאָנס־טער מיט טויזנט פערדישע קעפּ, האָט זיך פּאַמעלעך גע־רוקט פאָראויס אין דער ריכטונג פון סקווער, וואו דאָס פאָלק איז געשאַנען און געיובלט און געפרייט זיך מיט זײַן נאָר וואָס פּראָקלאַמירטער פרײַהייט. די שוואַרצע מאַסע

האָט זיך געהאַלטן אין רוקן פֿאָראויס און אין איין דער־נענטערן זיך. דער עולם האָט, קענטיק, דערקענט דעם מאָנסטער און גענומען ווערן אומרואיק. מאַמעס האָבן גע־נומען קוקן צו די קינדער און די קינדער האָבן זיך גענומען שטייפֿער טוליען צו די מאַמעס.

אויף דער פּלאַטפֿאָרמע איז אויך שטיל געוואָרן. קענ־טיק, אַז דאָרטן האָט מען אויך דערקענט די חיה. די פֿי־רער האָבן שטיל גענומען איבעררעדן צווישן זיך, ווי באַ־ראַטנדיק זיך, וואָס צו טאָן.

די שוואַרצע מאַסע דערווייַל האָט זיך געהאַלטן אין איין דערנענטערן. ענדלעך איז זי צוגעקומען אַזוי נאָענט, אַז מען האָט געקענט קלאָר אונטערשיידן, וואָס דאָס איז. עס איז געווען דערזעלבער רייַטער אויף זייַן שוואַרצן פֿערד, נאָר אין אַ טויזנט־פֿאַכיקער פֿאָרם: טויזנט רייַטער אויף טויזנט שוואַרצע פֿערד!... די וואָנצעס זייערע, שטייַפֿע און פֿאַרדרייטע אַרויף, האָבן געציטערט פֿון כּעס און די אויגן האָבן געברענט פֿון רציחה. די רעכטע הענט אין די הענטשקעס האָבן שטייַף געהאַלטן די הענטלעך פֿון די שווערדן, גרייט זיי אַרויסצוציען אויפֿן ערשטן באַפֿעל.

די מאַסע איז צוגעקומען נאָענט פֿון סקווער און גע־בליבן שטיין.

דער זעלבער רייַטער וואָס פֿריער, וועלכער איז איצט געפֿאָרן פֿאָראויס פֿון אַלע אַנדערע רייַטער, האָט זיך אָפּ־געטיילט פֿון זייַנע חברים. זייַן פּנים איז געווען רויט פֿון כּעס און די אויגן האָבן געברענט מיט רציחה. מיט חוצפּה איז ער אַרייַנגעריטן אין די מענטשן, וועלכע האָבן קוים באַוויזן זיך אָפּצורוקן אָן אַ זייַט, און איז צוגעפֿאָרן צו דער פּלאַטפֿאָרמע, וואו די פֿירער זייַנען געשטאַנען. מיט דער

רעכטער האַנט זײַנער האָט ער אַרויסגעצויגן פֿונעם פֿאַלד פֿון זײַן לינקן אַרבל אַ ווײַסן פּאַפּיר און גענומען הויך פֿאָר־לייענען. דאָס איז געווען דעם קעניגס באַפֿעל. אין דעם באַפֿעל האָט דער קעניג פֿאַראָרדנט דעם פֿאָלק באַלד צו צעגיין זיך און אַראָפּנעמען די נײַע פֿאָן. אין פֿאַל פֿון ניט אויספֿאָלגן, האָט זיך געזאָגט אין פּאַפּיר, באַפֿעלט דער קע־ניג זײַנע געטרײַע סאָלדאַטן צו צעטרײַבן די מענטשן מיט גוואַלד. ניט אָפּשטעלן זיך דערבײַ פֿאַר קײַן שום זאַך: מיט די שוואַרצע, געזונטע פֿערד אַרײַנפֿאָרן אין דער מאַסע און צעטרעמפּלען אַלעמען אונטער די פֿיס, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פֿאַר קײַן פֿרויען, קינדער און אַלטע לײַט. אויך די איי־גענע הענט ניט לאָזן ליידיק בלײַבן: אין דעם פּאַפּיר האָט זיך געזאָגט, אַז די זשאַנדאַרן זאָלן אַרויסציען די שווערדן פֿון די שיידן און האַקן איבער די מענטשלעכע קעפּ און בראָקן אָן רחמנות.

אַזוי האָט זיך געזאָגט אינעם קעניגס באַפֿעל.

דער עלטסטער פֿון די זשאַנדאַרן האָט פֿאַרענדיקט צו לייענען, אַרײַנגעלייגט דעם פּאַפּיר צוריק אינעם פֿאַלד פֿון זײַן לינקן אַרבל, און פֿון זיך אַליין צוגעגעבן:

— איר האָט דרײַ מינוט צו באַשליסן. קײַן סעקונדע ניט מער!

דאָס פֿאָלק האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט. בלויז מאַ־מעס האָבן שטײַפֿער געדריקט די הענטלעך פֿון די קינדער און די קינדער האָבן זיך שטײַפֿער געטוליעט צו די מאַמעס.

דאָס פֿאָלק האָט געקוקט צו דער פּלאַטפֿאָרמע און געוואַרט אויפֿן וואָרט פֿון די פֿירער. יענע האָבן זיך בלויז איבערגעקוקט צווישן זיך, פֿאַרשטאַנען איינע די אַנדערע, — און דער באַשלוס איז געווען גרייט.

דער זעלבער, וואָס האָט פֿריער פּראָקלאַמירט די פֿרײַ־הײַט פֿון פֿאָלק, זײַן אומאָפּהענגיקײַט פֿונעם קעניג און די אײַנשטעלונג פֿון דער רעפּובליק, האָט זיך איצטער ווידער געווענדעט צום פֿאָלק מיטן וואָרט און באַפֿעל פֿון זײַנע פֿירער.

— ברידער און שוועסטער! — האָט ער געזאָגט. — איר האָט געהערט די דראָונג. דער קעניג איז פֿאַרצווייפֿלט. זײַן טראָן ברעכט זיך, זײַן הערשאַפֿט קומט צו אַן ענדע. אָבער אין זײַן העכסטער פֿאַרצווייפֿלונג האָט ער צענויפֿגעזאַמלט זײַנע לעצטע כּוחות און וויל שטעלן אַ ווידער־שטאַנד. נאָך מער ווי דאָס! ער וויל זײַן לעצטן טאָג פֿאַר־צייכענען אין דער געשיכטע פֿון אונדזער לאַנד מיט רויט — מיטן רויטן בלוט פֿון אונדזער פֿאָלק. דאָס וויל ער זײַן נקמה אַזוי אויסדריקן פֿאַר אונדזער האַס צו אים. מיר דאַרפֿן אים די געלעגנהײַט ניט געבן! איין טראָפּן פֿונעם פֿאָלקס בלוט איז טײַערער פֿון אַלע קעניגן און זייערע אַמביציעס. אונדזערע פֿרויען און קינדער און אַלטע לײַט זײַנען דאָ מיט אונדז, און זיי וועלן זײַן די ערשטע קרבנות פֿונעם קעניגס בלוט־דאָרשטיקער נקמה. מיר וועלן אים די באַפֿרידיקונג ניט געבן! מיר וועלן זיך איצטער פֿריד־לעך צעגיין אַהיים און, זײַט זיכער — מיר וועלן נאָך קומען צוריק! די פֿרײַהײַט פֿון פֿאָלק איז זיכער, ווי דאָס פֿאָלק אַליין, און דעם קעניגס סוף איז אויך פּונקט אַזוי זיכער. דער קעניג וועט זײַן סוף באַקומען אין אַן אַנדער טאָג — גלייבט אונדז, שוין ניט קײַן ווײַטן...

— ברידער און שוועסטער! — האָט דער פֿירער פֿאַר־ענדיקט: — אינעם נאָמען פֿון אונדזער פֿאָלק, פֿון אונדזער רעפּובליק, באַפֿעלן מיר אײַך צו צעגיין זיך רואיק אַהיים.

אין דער מינוט איז די פֿאָן פֿון דער רעפּובליק אַרונ־טערגעצויגן געוואָרן פֿון דעם הויכן שטאַנג.

די מענטשן האָבן זיך אויסגעדרייט און רואיק, אָן פּאַ־ניק, גענומען צעגיין זיך אַהיים. עס איז קיין סימן פֿון אַנ־טוישונג אין זייערע פּנימער ניט געווען. פֿאַרקערט: עס האָט זיך געפֿילט דערהויבנקייט און פֿייערלעכקייט און שטאָלצקייט מיטן גרויסן טאָג, וואָס זיי האָבן היינט דורכ־געמאַכט.

די פֿירער צוזאַמען מיט דער פֿאָן האָבן אומבאַמערקט פֿאַרלאָזן די פּלאַטפֿאָרמע און אויסגעמישט זיך מיטן פֿאָלק, ניט צו דערקענען זיי.

פֿון הינטן איז געבליבן די שוואַרצע מאַסע פֿון די זשאַנדאַרן און זייערע פֿערד, מיט די הענט נאָך ביי די הענטלעך פֿון די שווערדן, אַנטוישטע און צעצאָרנטע, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אַרויסצונעמען זיי פֿון זייערע שיידן.

# VIII

נאָך יענעם טאָג איז די אומרואיגקייט אין לאַנד געוואָרן נאָך שטאַרקער און דער צאָרן פֿון פֿאָלק איז געוואָקסן פֿון טאָג צו טאָג און איז גרייט געווען יעדן מאָ־מענט אויסברעכן אין אַ שטורעם.

דער לאָזונג „רעפּובליק" האָט זיך שנעל פֿאַרשפּרייט צווישן די מענטשן און אַרומגעכאַפּט אַלעמען מיט אַ הייסן באַגער וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פֿונעם קעניג און זײַן קליקע.

דעם קעניגס מאַכט אין לאַנד האָט זיך איצטער באַ־גרעניצט כּמעט בלויז אויפֿן הויף. אויסערן הויף האָט קיי־נער ניט געוואָלט זיך צוהערן צו דעם קעניגס פֿאַראָרדענונ־גען און געטאָן, וואָס ער האָט אַליין געוואָלט. אין אונטער־גרונט האָט עקזיסטירט אַ פֿאָלקס־רעגירונג, וועלכע האָט געגעבן דעם פֿאָלק דירעקטיוון, ווי אַזוי זיך צו פֿירן און ווי אַזוי צו האַנדלען. און דער ערשטער דירעקטיוו איז גע־ווען: ניט צו אַנערקענען מער דעם קעניג און ניט אויס־צופֿאָלגן זײַנע באַפֿעלן!

דעם קעניגס פּאָזיציע איז איצט געהאַנגען אויף אַ האָר. אַ ליאַדע טאָג האָט דאָס פֿאָלק געקענט שטורעמען דעם פּאַלאַץ און טאָן צו דעם קעניג דאָס, וואָס די מענטשן אין אַ סך אַנדערע לענדער האָבן געטאָן צו זייערע קעניגן.

די הויפּלײַט און דעם קעניגס מיניסטאָרן האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען און גענומען טראַכטן, ניט נאָר ווי אַזוי צו ראַטעווען דעם קעניג, נאָר אויך זיך אַליין. אין דעם קעניגס הויף האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ צעטומלעניש. אַ סך פֿון דעם קעניגס וואַכלײַט זײַנען איצט ניט מער געווען זיכער און אַ סך פֿון זיי זײַנען אַנטלאָפֿן און שטילערהייט זיך אויסגעמישט צווישן פֿאָלק, האָפֿנדיק אַזוי אַרום אויסצומײַדן דעם פֿאָלקס צאָרן און נקמה, וואָס זיי האָבן קלאָר געזען, מוז אומפֿאַרמײַדלעך קומען. דער קעניג האָט איצט ניט געטרויט זײַן אייגענער לײַב־וואַך און געקוקט מיט חשד אויף יעדן פֿון זײַנע באַדינער.

דער הויף האָט איצט אויסגעקוקט, ווי אַ באַלאַגערטע פֿעסטונג, און איז געווען פֿון אַלע זײַטן אַרומגערינגלט מיט באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן.

דעם פּרינצס מוטער איז איצט אומגעגאַנגען צעטראָגן און פֿאַרצווייפֿלט. זי האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן.

זי האָט געוואוסט: אין דער זעלבער געפֿאַר, וואָס דער קעניג געפֿינט זיך, געפֿינט זיך אויך דער פּרינץ, איר קינד. אין דעם טאָג, וואָס דאָס פֿאָלק וועט זיך אָננעמען מיט מוט, באַפֿאַלן דעם פּאַלאַץ און זיך אָפּרעכענען מיט זײַנע אײַנוואוינער, — אין דעם טאָג וועט איר קינד אויך פֿאַלן אַ קרבן פֿונעם פֿאָלקס צאָרן און נקמה. און אַ קרבן וועט עס זײַן ניט פֿון זײַן אייגענער שולד, נאָר דורך איר שולד גאָר, דורך דער שולד פֿון זײַן אייגענער מוטער. מיט די אייגענע הענט האָט זי צוגעגרייט זײַן פֿאַרברעכן אין די אויגן פֿון פֿאָלק, און מיט די אייגענע הענט האָט זי צוגעגרייט אויף זײַן שטראָף.

זי האָט שוין לאַנג חרטה געהאַט אויף איר אַמאָליקער

טאַט. דער גלאַנץ פֿון קעניגטום האָט שוין לאַנג אָפּגעַ־
בליאַקירט און פֿאַרלאָרן זײַן אַמאָליקן ווערט. איצט איז
עס ניט מער געווען, ווי אַן אַלטע דורכגעלעכערטע מטבע.
אמת, ווען זי דערמאָנט זיך די אומשטענדן דערפֿון, פֿילט
זי, אַז זי איז אין גאָרנישט שולדיק, אַז אַזוי האָט זי דאַ־
מאָלסט געדאַרפֿט האַנדלען, — קײַן אַנדער אויסוועג האָט
זי ניט געהאַט. אָבער דאָס געפֿיל פֿון גליק, וואָס איר קינד
איז אַ פּרינץ, האָט זיך שוין לאַנג אויסגעוועבט פֿון איר.
דאָס, וואָס איר קינד וועט נאָכ'ן קעניגס טויט אָפּירשענען
דעם טראָן און אַליין ווערן קעניג, האָט זי גיכער באַטראַכט
פֿאַר אַן אומגליק, ווי פֿאַר אַ גליק. דאָס אויפֿוואַכן פֿונעם
גאַנצן פֿאָלק האָט אויף איר אויך געהאַט אַ ווירקונג. זי האָט
איצט קלאָר געזען פֿאַר זיך דעם קעניגס שולד און אונזין,
און אַליין געפֿילט און באַרעכטיקט דעם האַס, וואָס דאָס
פֿאָלק האָט געפֿילט צו די קעניגן און זייערע שטיצער. און
איר קינד — אַליין אַ קינד פֿון פֿאָלק — דאַרף עס זײַן דער,
וואָס זאָל שפּעטער אַליין אונטעדריקן דאָס פֿאָלק און ווערן
פֿון אים געהאַסט און געשאָלטן!...

זי האָט זיך געפֿילט אומגליקלעך דערפֿון און געפֿילט
אַ שרעקלעכע חרטה און כּעס צו זיך אַליין. נאָך אַלעמען,
איז זי דאָך געווען די, וואָס האָט אים געשטופּט צו דעם און
אַרײַנגעשטויסן אין דער נעץ. ווען ניט זי, וואָלט ער איצ־
טער געווען אַ קינד פֿון פֿאָלק און געגאָסן צוגלײַך מיט
אַלעמען פֿון דער גרויסער פֿרייד, וואָס די צוקונפֿט זאָגט־
צו דעם פֿאָלק.

איצט, ווען דער טראָן האָט זיך געוואַקלט און גע־
האַלטן אין אומפֿאַלן, ווען איר קינדס לעבן איז שיר ניט
געווען אין געפֿאַר, — איצט איז איר פֿאַרברעכן קעגן איר

אייגן קינד און איר שולד קעגן פֿאָלק געווען נאָך בולטער, און אויסגעקוקט אין אירע אויגן נאָך טיפֿער און שווערער. זי האָט געוואָלט ביידע אויסקויפֿן, אָבער איבער אַלץ האָט זי געוואָלט ראַטעווען איר זונס לעבן. אונטער אַלע אומשטענדן, האָט זי געפֿילט, מוז זי אים איצט ראַטעווען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פֿאַר קײַן שום זאַך.

און מיט דער אַנטשלאָסנקײַט און שרעקלאָזיגקײַט פֿון אַ חיה, ווען עס דראָט אַ געפֿאַר אירע יונגע, האָט זי באַשלאָסן צו גיין צום פּאַלאַץ. זי האָט געוואוסט, אַז דער פּאַלאַץ איז איצט באַוואַכט שטרענגער, ווי ווען עס איז, און אַז דער צוטריט צו אים איז פֿאַרבאָטן. אַז דער מינדסטער חשד, וואָס זאָל פֿאַלן אויף וועמען, מיינט איצט יענעמס זיכערער טויט. אָבער זי איז געווען אַנטשלאָסן זיך פֿאַר גאָרנישט אָפּשטעלן. זי האָט באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיט דער געלעגנהײַט פֿון דעם פּרינצס געבורטס־טאָג און כּלומרשט, אַלס געוועזענע אַם און אויפֿפּאַסערין זײַנע, אים קומען באַגריסן.

בײַם פּאַלאַץ האָבן זי אָפּגעשטעלט די וועכטער. אייניקע האָבן זי נאָך געדענקט פֿון אַמאָל, אָבער עס איז זיי שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרן קיינעם, אויסער גוט־באַקאַנטע און זיכערע פּערזאָנען, אינעם הויף ניט אַרײַנצולאָזן. דערצו איז דעם פּרינצס געבורטס־טאָג איצט גאָרניט געווען אַזאַ גרויסער יום־טובֿ אין הויף. די שטימונג אין הויף איז איצט ווײַט געווען פֿון פֿראַווען יום־טובֿים. אַלע זײַנען אומגעגאַנגען אָנגעכמורעט און פֿאַרדאגהט און ווייניק באַרעדעוודיק בכלל.

זי האָט אַרויסגענומען אַ צוגעגרייטן בריוועלע און דערלאַנגט דעם וועכטער. זי האָט אים געבעטן עס גלײַך

איבערגעבן דעם פּרינץ און זאָגן אים, אַז זי שטייט דאָ און וואַרט אויף זײַן ענטפֿער.

אינעם בריוועלע האָט זיך געלייענט:

„אײַער וואוילגעבאָרנקײַט!

„צו אײַער געבורטסטאָג בין איך אײַך הײַנט געקומען באַגריסן. איך געדענק דעם טאָג פֿון אײַער געבוירן, און עס איז מיר טײַער און אײַנגעבאַקן אין האַרצן. יעדן יאָר האָב איך די פּריווילעגיע צו קומען אין דעם טאָג אײַך באַגריסן. איך בעט אײַך, נעמט בײַ מיר ניט צו די דאָזיקע פּריווילעגיע אויך הײַנט. איך ווייס: די טעג זײַנען איצט שווערע און די צײַט אַן אומרואיקע. אָבער דווקא דערפֿאַר וויל איך אײַך זען און שענקען מײַן ברכה און מײַנע גליקוואונטשן. איך האָף, אַז, ווי יעדן יאָר, וועט איר מיר אויך דעם מאָל ניט אָפּזאָגן".

אונטן איז געווען אונטערגעשריבן: „אײַער געוועזענע אַם, וואָס ווינטשט אײַך בלויז גליק".

עס האָט איר לאַנג ניט גענומען צו וואַרטן. אין אַ ווײַלע אַרום איז דער וועכטער געקומען צוריק מיט דער דערלויבעניש אַרײַנצולאָזן זי.

זי איז אַרײַן אין פּאַלאַץ מיט אַ ציטערדיק האַרץ. איצטער, מער ווי ווען עס איז פֿריער, איז דאָס זען דעם פּרינץ געווען פֿאַר איר אַ זאַך פֿון וויכטיקער באַדײַטונג, און דאָס זײַן אַזוי נאָענט לעבן אים, איז געווען פֿאַר איר אַ גרויסע איבערלעבונג. איר האַרץ האָט געציטערט פֿון פֿרייד און גלײַכצײַטיק פֿון אויפֿרעגונג.

דער פּרינץ האָט זי באַגעגנט בײַם טיר פֿון זײַן אויפֿנאַם־צימער. ער איז געווען דאָס מאָל פּונקט אַזוי שיין און

ליכטיק, ווי אַלע מאָל אין אירע אויגן, נאָר פֿאַרן יאָר איז ער ערנסטער און מענלעכער געוואָרן, און די צײַט האָט אויך אַרויפֿגעלייגט אויף אים איר שטעמפּל: אויף זײַן יונגן שטערן איז געלעגן אויסגעגאָסן אַ שטילע באַזאָרגט־קײַט און אומרואיגקײַט.

ער האָט זי באַגעגנט מיט אַ פֿרײַנטלעכן שמייכל:

— עס איז זייער פֿײַן פֿון אײַך צו געדענקען דעם טאָג. איר זײַט איינע פֿון די געציילטע, וואָס זײַנען מיך הײַנט געקומען באַגריסן. איך דאַנק אײַך זייער און בין צופֿרידן צו זען אײַך.

זי האָט אונטערטעניק און געפּילפּול געזאָגט:

— אײַער געבורטס־טאָג, פּרינץ, ליגט מיר אַלע מאָל אין מײַן זכּרון און איז פֿאַרשריבן אין מײַן האַרצן. איך קען עס ניט פֿאַרגעסן אַפֿילו אין אַזעלכע אומרואיקע צײַטן, ווי די איצטיקע.

און באַלד, ווערנדיק אויפֿגעמונטערט פֿון זײַן פֿרײַנט־לעכקײַט און דער אייגענער אַנטשלאָסנקײַט, האָט זי צו־געגעבן:

— אָבער דעם מאָל, פּרינץ, בין איך געקומען צו אײַך וועגן נאָך עפּעס, נישט בלויז באַגריסן אײַך, — איך האָב אויך אַ בקשה צו אײַך...

ער האָט זי אָנגעקוקט עטוואָס מיט פֿאַרוואונדערונג, ווי פֿרעגנדיק, וואָס אַזוינס זי האָט צו פֿאַרלאַנגען פֿון אים.

און זי האָט צוגעגעבן:

— איך האָב קיינמאָל אין מײַן לעבן גאָרנישט פֿאַר־לאַנגט פֿון קיינעם און אויך ניט פֿון אײַך, פּרינץ. אָבער דאָס מאָל איז אַנדערש. איך וויל בעטן בײַ אײַך אַ געפֿע־

ליגקייט, און אויב אייער גנעדיגקייט וועט מיר ניט אָפּזאָגן, וועט עס זיין אַ גרויסער גליק פאַר מיר...

דער פּרינץ האָט אַ סעקונדע אַ טראַכט געטאָן.

— גוט — האָט ער פריינטלעך געענטפערט — זאָגט, וואָס איר פאַרלאַנגט. אויב איך וועל נאָר קענען טאָן פאַר אייך...

— מיין פאַרלאַנג איז — איר שטימע האָט אָנגעהויבן צו ציטערן פון אויפרעגונג און געוואַגטקייט — מיין פאַרלאַנג איז, פּרינץ, אַז איין מאָל אין לעבן זאָלט איר באַוויליקן אייער אַמאָליקע אַם און אויפפּאַסערין, אָט די, וואָס האָט אייך אויפגעהאָדעוועט מיטן מילך פון איר ברוסט און פאַרוויגט צום שלאָפן מיטן קלאַנג פון איר שטימע, — אַז איין מאָל אין לעבן זאָלט איר זי אין איר אָרעמער געגנט באַזוכן, אין איר אָרעמען שטיבל... עס וועט זיין פאַר איר אַ גרויסער כבוד און פאַרגעניגן... נאָך מער, ווי דאָס: עס וועט זיין אַ גרויסע פרייד ביי איר און אַ גרויסער גליק...

ער האָט זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. צום ערשטן מאָל, קענטיק, איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר אַזאַ פאַרלעגנהייט און פאַר אַזאַ פאַרלאַנג. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי פאַרלאַנגט עס פון אים, און פאַרוואָס פונקט איצט, ווען די צייטן זיינען אַזוינע אומרואיקע און די פאַרזיכט דאַרף דעריבער זיין אַ גרעסערע. ער האָט ניט געהאַט קיין גרונט חושד צו זיין זי אין וואָס ניט איז שלעכטעס — איר שטימע האָט געקלונגען צו אויפריכטיק און צו ערלעך — אָבער דאָך האָט עס אים געוואונדערט.

ער איז געשטאַנען און געוואויגן אין זיינע געדאַנקען דעם ענטפער, וואָס ער זאָל איר געבן.ביידע וואָגשאָלן

זײַנען געווען גלײַך אָנגעצויגן, און די „פֿאַר" און „קעגנס" זײַנען געווען גלײַך צעטיילט. ער איז געשטאַנען און גע־וואַקלט זיך.

זי האָט אים געקוקט גלײַך אין די אויגן מיט געבעט און אַרויסגעלייענט פֿון זיי דעם אינערלעכן קאַמף, וואָס איז אין אים אָנגעגאַנגען. זי האָט באַשלאָסן אים אַרויס־צוהעלפֿן:

— איך וואָלט זיכער ניט געוואַגט צו קומען צום פּרינץ מיט אַזאַ בקשה, ווען עס וואָלט ניט געווען אַ וויכטיקע אור־זאַך פֿאַר דעם... איך האָב פֿריער געזאָגט: עס וועט זײַן אַ גרויסער גליק פֿאַר מיר. איך וועל נאָך צוגעבן: און אפֿשר אויך פֿאַרן פּרינץ...

די לעצטע ווערטער אירע האָבן געקלונגען מיסטעריעז און פֿיל־מיינענדיק און נאָך מער אָנגערירט דעם נײַגיר פֿון דעם יונגן פּרינץ. זיי האָבן אויך אַריבערגעצויגן די וואָג־שאָל פֿון זײַן וואַקלעניש אויף איין באַשטימטע זײַט.

— גוט — האָט ער נאָכגיביק געזאָגט — איך וועל זײַן בײַ אײַך. — און באַלד אַנטשלאָסן צוגעגעבן: — נאָך הײַנט אָוונט וועל איך זײַן...

— אָבער נעמט נישט קײַן באַגלייטער מיט זיך — האָט זי אים געבעטן — עס דראָט ניט בײַ מיר אין הויז קײַן שום געפֿאַר פֿאַר אײַך. און קיינער דאַרף בכלל ניט וויסן, אַז איר גייט צו מיר...

— גוט — האָט ער געענטפֿערט — איך וועל זײַן אַליין...

# IX

נאָך דעמזעלבן אָוונט איז ער געקומען צו איר. דורך קרומע און געדרייטע געסלעך איז ער געקומען, אָנגעטאָן פֿאַרשטעלט, כּדי קיינער זאָל אים ניט דערקענען. איינער אַליין איז ער געקומען.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און זי, וואַרטנדיק אויף אים שוין, האָט אים גלײַך געעפֿנט. ער איז אַרײַן אינעווייניק, אַביסל צעשראָקן פֿון דער אומגעוויינלעכער געשעניש און פֿון דער אומגעוויינלעכער סביבה, אין וועלכער ער איז אַרײַנגעפֿאַלן.

ער האָט זיך אומגעקוקט פֿאַרוואונדערט. דאָס קליינע הײַזל מיט די שמאָלע צימערלעך און טונקעלער באַלײַכטונג, כאָטש ריין און ציכטיק צוגעקליבן, האָט האַרמאָנירט מיט די שמאָלע, טונקעלע און ניט ברוקירטע גאַסן פֿון דער אָרעמער געגנט. עס איז אָבער געווען אין פֿולן קאָנטראַסט צו די רײַכע פּאַלאַצן און צו די ברייטע, אויסגעפּוצטע, און גלאַטיק געפֿלאַסטערטע גאַסן, פֿון די אַריסטאָקראַטישע געגנטן, צו וועלכע ער איז געוואוינט געווען. און אַוודאי איז עס געווען אין פֿולן קאָנטראַסט צום קעניגלעכן פּאַלאַץ מיט זײַנע גרויסע, ברייטע צימערן און פֿעלדער־זאַלן, פֿאַרגאָסענע בײַטאָג מיט זון־ליכט און אין אָוונט באַלויכטן מיט הונדערטער לאָמפּן פֿון אַלערליי גרויסן, קאָלירן און ליכטעפֿעקטן.

אויך דאָס ביסל אָרעמע מעבל אין הויז איז געווען אין פֿולן קאָנטראַסט צו די גרויסע שטיקער פֿון טײַערן מעבל אין פּאַלאַץ, צו די פּליושן און זײַדנס און טײַערע געוואַנטן, צו די אַלטערטימלעכע אַנטיקן, וואַזעס און קאַנדעליאַברעס, צו די פּאָרטיערן און טעפּיכער, וואָס האָבן דער רײַכקײַט פֿון די צימערן צוגעגעבן נאָך מער פֿאַרשיידנאַרטיגקײַט און סטיל, קאָלירפֿולקײַט און פֿאַרביגקײַט. דאָס אַלץ האָט זיך אים געוואָרפֿן אין די אויגן.

אָבער גלײַכצײַטיק מיט דעם האָט ער אויך באַמערקט דעם ליכטיקן פּנים, וואָס האָט אים באַגעגנט אויפֿן שוועל — אַ גליקלעכער, מיט אַ העלן שײַן אין די אויגן און מיט אַ גלאַנץ פֿון אומגעווײנלעכער פֿרייד. ער האָט דערפֿילט אױ־סערגעוויינלעכע אויפֿריכטיגקײַט אין דער פֿרויס פֿרייד, און ליבע און צערטלעכקײַט אין אירע בליקן. פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אין זײַן פֿאַרשטאָרבענער מוטער, דער קע־ניגין, און עס איז אים אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק, אַז יענע איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי וואַרעם צו אים, ווי אָט די פֿרעמדע פֿרוי, וואָס איז מיט אַזויפֿיל יאָרן צוריק געווען זײַן אַם. פּלוצלונג איז אים אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק, אַז אייגנטלעך האָט ער קיינמאָל ניט גענאָסן פֿון מוטערלעכער צערטלעכ־קײַט און ליבשאַפֿט — אַזעלכע, ווי וועגן וועלכע ער האָט געלייענט אַ סך מאָל אין די ביכלעך. זײַן מוטער איז שטענ־דיק געווען פֿאַרנומען מיט זיך און מיט די פֿאַרשיידענע עטי־קעטן, וואָס איר קעניגלעכער אַמט האָט געפֿאָדערט פֿון איר. אין דער מינוט האָט ער זיך בעסער געוואונטשן צו זײַן דער זון פֿון דער דאָזיקער פּשוטער, אָרעמער, אָבער דערפֿאַר האַרציקער און טיף־פֿרײַנטלעכער פֿרוי.

אָבער לאַנג טראַכטן האָט ער קיין צייט ניט געהאַט. ער האָט דערהערט דער פּרוים שטימע:

— אָ, וואָס פאַר אַ כבוד, וואָס פאַר אַ גרויסן כבוד אייער וואוילגעבאָרנקייט האָט מיר היינט פאַרשאַפן! קומט אַריין, הויכגעשעצטער פּרינץ, און זייט מיין גאַסט און פילט זיך היימיש דאָ אינעם קליינעם שטיבל. נאָך אַלעמען, בין איך דאָ, ווינציקסטנס, ניט פרעמד אייך...

איר שטימע און איר פריינטלעכקייט האָבן אים באַלד באַרואיקט און געמאַכט זיך צו פילן היימיש. ער האָט זיך באַלד דערפילט אַזוי, ווי ער וואָלט דאָ געווען שוין ניט צום ערשטן מאָל, און ווי יעדע זאַך דאָ וואָלט אים געווען באַקאַנט.

ער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל און די הוט און זיך אַוועקגעזעצט.

— איך מוז זיך אַנטשולדיקן פאַר אייך — האָט ער געזאָגט — אָבער איר פאַרשטייט דאָך, אַז לאַנג דאָ ביי אייך וועל איך זיך ניט קאָנען פאַרזאַמען. איך מוז זיין צוריק, איידער מען פאַנגט אָן באַמערקן אין הויף מיין אָפּוועזנהייט און מען פאַנגט זיך אָן באַאומרואיקן וועגן מיר. טאָ זאָגט מיר גלייך דעריבער, נאָך וואָס איר האָט מיך געבעטן צו קומען...

איצטער האָט זי זיך דערפילט אין אַ פאַרלעגנהייט און ניט געוואוסט, ווי און פון וואָס אָנצופאַנגען.

זי האָט געפילט, אַז אָט דער מאָמענט איז דער וויכטיקסטער אין איר לעבן. אַז אָט דער מאָמענט איז אַזאַ, וועגן וועלכן זי האָט בלויז געקענט טרוימען, אָבער ניט פאָרשטעלן זיך, אַז ער וועט ווירקלעך קומען. אַז איר קינד, וואָס איז דאָ אין דעם הייזל געבוירן געוואָרן, און איז דורך

אַ מאָדנעם צופאַל צוגענומען און פאַרפרעמדט געוואָרן פון איר, וועט ווידער זיצן מיט איר דאָ, און זי וועט האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטפּלעקן פאַר אים דעם סוד פון זייער ביידנס לעבן. זי האָט אַזש געציטערט פון אויפרעגונג און גליק און ניט געוואוסט, ווי אָנצופאַנגען.

אָבער אָנפאַנגען האָט זי געמוזט. אָן דער באַגעגעניש און אָן דעם, וואָס זי וועט אים איצטער זאָגן, וועט אפשר זיין אָפּהענגיק זיין גאַנצע צוקונפט, זיין גאַנץ לעבן. און צוליב דעם, כּדי זיין לעבן צו ראַטעווען, האָט זי אים דאָך געררופן אַהער. זי האָט זיך דעריבער געשטאַרקט און, באַ־רואיקנדיק זיך ווי עס איז, אָנגעהויבן:

— אייער וואוילגעבאָרנקייט! — האָט זי געזאָגט: — איך האָב אייך היינט איינגעלאַדן אַהער צו דערציילן אייך אַ מאָדנעם חלום, וואָס איך האָב געהאַט. און ווייל דער חלום איז פאַרבונדן מיט אייך, האָב איך דורכאויס געוואָלט, איר זאָלט וויסן פון אים, איר זאָלט אים אויסהערן...

דער פּרינץ האָט זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. זיין בליק האָט אויסגעדריקט גלייכצייטיק, אי חידוש, אי נייַ־געריגקייט.

— דערציילט, דערציילט — האָט ער העפלעך גע־זאָגט — איך וועל זיכער אויסהערן.

— מיט אַ סך יאָרן צוריק — האָט זי אָנגעפאַנגען — מיט אַ סך יאָרן צוריק, אָט אַזויפיל, ווי איר זייט איצט אַלט, פּרינץ — דאָס האָב איך אַזוי אין מיין חלום געזען — איז ביי אייער פאָטער, דאָס הייסט, ביי זייערע מאַיעסטעטן, דעם קעניג מיט דער קעניגין, געבוירן געוואָרן אַ זון, אַ פּרינץ. חלומט זיך מיר, אַז גראַדע מיך האָט דער קעניג אויסגעקליבן פאַר אַן אַם צו זיין איינציקן פּרינץ און יורש,



און אײַנגעלאַדן צו זײַן די אויפּפּאַסערין איבער אים. איך האָב דעם אַמט אָנגענומען. איך האָב געקענט דעם דאָזיקן אַמט אָננעמען, ווײַל בײַ מיר אַליין איז פּונקט דאַמאָלסט אויך געבוירן געוואָרן אַ קינד — גראַדע אויך אַ זון...

— איז אַט — חלומט זיך מיר — האָט מיט מיר אײנ־מאָל אַ מאָדנע זאַך פּאַסירט. עס איז געווען, ווען דער יונגער פּרינץ איז ערשט אַלט געווען עטלעכע וואָכן. נעם איך אַרויס אַזוי אײנמאָל דעם פּרינץ אויף אַ שפּאַציר אין קעניגלעכן גאָרטן. עס איז געווען אַ שײנער זומערדיקער פֿרימאָרגן. פֿיר איך אַזוי אַרום דאָס וועגעלע איבער די אַלייען און פֿיר עס פֿונעם גאָרטן אַרויס. און דאָרט, אויף יענער זײַט פֿונעם קעניגלעכן גאָרטן, ציען זיך ברייטע פֿעל־דער, באַוואָקסענע מיט הויכע גראָזן און זאַנגען, און באַ־שפּריינקלט מיט פֿיל־קאָלירטע בלימלעך. איך האָב נאָך קײנמאָל ביז איצט אַזוינס ניט געזען. נעם איך צו מײן

בליק פֿונעם קינד און באַוואונדער די שיינקייט אַרום. און
דאָ באַווייַזט זיך אויף אַ סטעזשקע ניט ווייַט אַ העזעלע —
פֿון צווישן די גראָזן אַרויסגעקומען — און שטעלט זיך
פּונקט אַנטקעגן מיר. מיר קוקן איינע אויף די אַנדערע און
באַוואונדערן איינער דעם צווייטן. ער, קענטיק, באַוואונ־
דערט מיך, נישט ווייניקער, ווי איך אים. אַ יונג, גרוי הע־
זעלע געווען... קוקן מיר אַזוי איינע אויף די אַנדערע און
איך קען מייַנע בליקן ניט אָפּרייַסן פֿון זייַנע סאַמעטענע
ליבלעכע אייגעלעך. איך ווער ווי פֿאַרכּשופֿט פֿון זיי. און
ווען איך רייַס זיי ענדלעך אָפּ און ווענד זיי צוריק צום
וועגעלע, בלייַב איך שטיין צעטומלט און פֿאַרציטערט. איך
פֿאַל שיר ניט אין חלשות... איך גלויב ניט מייַנע אויגן:
דאָס וועגעלע איז ליידיק און דאָס קינד אין אים — דער
קעניגליכער פּרינץ — ניטאָ... איך ווער צעטומלט פֿון
שרעק און ווייס ניט, וואָס צו טאָן. איך וואַרף זיך אין אַלע
זייטן און פֿאַנג אָן זוכן: זוך אין גאָרטן, זוך אין פֿעלד, זוך
צווישן די קוסטעס און זוך צווישן די גראָזן — אומזיסט!
ערגעץ איז פֿונעם קינד קייַן שפּור ניט געבליבן... וואָס
זאָל איך טאָן? אין פּאַלאַץ אומקערן זיך אָן דעם קינד,
האָב איך מורא: איך ווייס, וואָס עס דערוואַרט מיך... און
אַנטלויפֿן האָט אויך קייַן זין ניט: ניט איך האָב וואוהין,
און ניט עס וועט מיר העלפֿן. בפֿרט נאָך, אַז איך האָב אַליין
אַ קליין קינד, וואָס קען אָן מיר קייַן טאָג ניט בלייַבן.
פֿאַלט מיר איין אַ ווילדער געדאַנק: נעמען און מייַן קינד
פֿאַרבייַטן אויף דעם קעניגס — סייַ ווי איז יענער פֿאַרלאָרן,
און דער קעניג מוז האָבן אַ יורש... לויף איך אויף שנעל צו
זיך אַהיים, כאַפּ אַרויס מייַן קינד פֿון בעטעלע, לייג עס
אַרייַן אין דעם וועגעלע, וואו ניט לאַנג צוריק איז דער קע־

ניגלעכער פּרינץ געלעגן, ברענג עס אומבאַמערקט אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ אַרײַן — און דער סוד ווערט פֿאַרזיגלט: מײַן קינד ווערט דער פּרינץ און קײנער ווײס ניט פֿון דעם, קײנעם פֿאַלט גאָרניט אײַן חושד צו זײַן...

איר רואיגקײַט האָט זיך, קענטיק, אויסגעוועבט און די געלאַסנקײַט פֿון איר שטימע האָט זיך איבערגעריסן. זי האָט געפֿילט, ווי עס פֿעלט איר אויס אָטעם, און ווי די לעצטע ווערטער האָט זי שוין קוים אַרויסגערעדט. איר האַרץ האָט געקלאַפּט און די ברעמען האָבן געציטערט פֿון אויפֿרעגונג. זי האָט געפֿילט, אַז דאָ מוז זי בלײַבן שטײן.

זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע, אָפּגערוט זיך, און ביסלעכווײַז צוריק אָנגעהויבן קומען צו זיך. זי האָט דערפֿילט, ווי זי וואָלט אַראָפּגעוואָרפֿן אַ שווערע לאַסט פֿון די פּלײצעס און באַפֿרײַט זיך פֿון אַ שווערער משא, וואָס האָט זי געדריקט. זי האָט זיך דערפֿילט לײַכטער, באַרואיקטער.

זי האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און געווענדט זיי צום פּרינץ. זי האָט געזוכט צו געפֿינען דעם אײַנדרוק, וואָס איר מעשה האָט געמאַכט אויף אים. ער איז געזעסן פֿאַרטראַכט און פֿאַרטיפֿט אין זיך.

ער איז געזעסן די גאַנצע צײַט פֿון איר דערצײלן און צוגעהערט זיך מיט אויסערגעוויינלעכער אויפֿמערקזאַמקײַט און אינטערעס. ער האָט איר געקוקט אין מויל אַרײַן, ווי די ווערטער זײַנען פֿון דאָרטן געפֿלאָסן, ווי פֿון אַ קינדער־מעשהלע. ער איז, קענטיק, שטאַרק פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון איר חלום און די אײנצלהײַטן האָבן, קענטיק, אָנגערירט זײַן נײַגעריגקײַט און אַרויסגערופֿן נאָכדענקונג.

ער איז געזעסן איצט פֿאַרטיפֿט אין זיך, ווי וועלנדיק בעסער צעקײַען דאָס, וואָס ער האָט געהערט.

ענדלעך האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט, ווי פֿון אַן אייגענעם חלום, און אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן. די פֿרוי איז געזעסן אַנטקעגן אים און געוואַרט, ער זאָל עפּעס זאָגן.

— איז דאָס אײַער חלום ? — האָט ער נאָך אַ ווײַלע נאָכדענקען שטיל געפֿרעגט. זײַן שטימע האָט געקלונגען מאָדנע, אויסדריקנדיק גלײַכצײַטיק אי פֿאַרוואונדערונג, אי ניט זיכערקײַט.

— יאָ פּרינץ, דאָס איז מײַן חלום. דאָס האָט זיך מיר געחלומט . . .

נאָכדעם, ווי דאָס שוועסטער האָט זי דורכגעמאַכט, האָט איר שטימע געקלונגען איצט פֿרײַער און זיכערער.

ער איז נאָך אַלץ געזעסן פֿאַרוואונדערט און ווי עפּעס געזוכט צו פֿאַרשטיין, צו באַגרײַפֿן.

— המ . . . אַ מאָדנער חלום, זייער אַ מאָדנער . . . — האָט ער מיט יינגלשער צעמישטקײַט און הילפֿלאָזיגקײַט אַרויסגעשטאַמלט.

ער האָט זיך ווידער פֿאַרטראַכט, ווי ווענדיק נאָך טיפֿער אַרײַנדרינגען אין דער מאָדנער מעשה, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהערט.

דער ענטפֿער אירער, האָט אים, ווײַזט אויס, ניט באַ־פֿרידיקט. אויף זײַן פּנים איז קענטיק געווען דאָס אָנגעשטרענגטע אַרבעטן פֿון זײַן געדאַנק, און פֿון די אויגן האָט מען געקענט אַרויסלייענען צווייפֿל, ניט זיכערקײַט און אַפֿילו פֿאַרדאַכט. עפּעס האָט זיך בײַ אים אָנגעהויבן פּיקן אַ חשד, אַז ניט בלויז, כּדי צו דערציילן אים דעם חלום, האָט אים זײַן אַמאָליקע אַם און אויפֿפּאַסערין הײַנט גערופֿן אַהער, און אַז די גאַנצע מעשה, דער גאַנצער חלום, זײַנען עפּעס אַזעלכע מאָדנע, אומפֿאַרשטענדלעכע, ווי פֿאַרוויקלט אין אַ

געהיימעניש. ער האָט געזוכט אַרײַנצודריקן אין דער געהיימניש און אַרויסשיילן פֿון איר אַביסל מער קלאָרקייט. האָט ער זי דעריבער ווײַטער, פֿאַרשנדיק געפֿרעגט:

— און דאָס, וואָס איר האָט אַליין געהאַט אַ זון אין איין עלטער מיטן קעניגס — איז אויך געווען אַ חלום?

— ניין, פּרינץ, דאָס איז אַן אמת געווען... איך האָב טאַקע אַליין געבוירן אַ זון...

זײַן חשד איז נאָך מער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן און ער האָט זי פֿאַרדעכטיק געפֿרעגט:

— און וואו איז ער איצטער, דער זון אײַערער? לעבט ער?

— יאָ, פּרינץ, ער לעבט...

— איז ער דאָ מיט אײַך?

— יאָ, פּרינץ, מיט מיר...

— וואָלט איך אים געקאָנט זען?

— יאָ, פּרינץ, איר קאָנט זען זײַן בילד...

— צײַגט עס מיר, איך בעט אײַך, איך וויל עס זען...

— דרייט זיך אום, פּרינץ, זײַט אַזוי גוט, וועט איר זען זײַן בילד. עס הענגט איבער אײַך אויפֿן וואַנט...

דער פּרינץ האָט זיך אויסגעדרייט. אויפֿן וואַנט איבער אים איז געהאַנגען אַ בילד — זײַן אייגן בילד...

ער איז בלאַס געוואָרן... די גאַנצע געהיימעניש, וואָס האָט אַרומגערינגלט דער פּרויס מאָדנעם חלום, האָט מיט אַמאָל אויפֿגעריסן, אויפֿגעלייזט זיך און קלאָר געוואָרן... ווי פֿון אַ נעבל אַרויס איז אַרויסגעשוואומען אַן אויפֿקלערונג, אַן אַנטפּלעקונג, אָבער אַזאַ מאָדנע, אומדערוואַרטעטע, אַז עס האָט אים אויפֿן מאָמענט ווי פֿאַרשטיינערט און אָפּגעשטעלט זײַנע געדאַנקען. ער האָט מורא געהאַט

צו טראַכטן. דאָס בילד אויפֿן וואַנט האָט גערעדט צו אים, דערציילט אים, אָבער אים איז שווער געווען עס צו צעקייַען און באַגרייַפֿן. ער האָט זיך אַליין געפֿונען ווי אין אַ חלום, און אַלץ אַרום אים איז געווען אייַנגעוויקלט ווי אין אַ נעבל. ער איז געשטאַנען ווי אויף אַ הויכן פֿעלדז, און עס האָט אים געשווינדלט פֿאַר די אויגן אַראָפּצוקוקן אין דער ני־דער...

ווען ער איז, ענדלעך, צו זיך געקומען, און אומגע־דרייט זיך צוריק צו דער פֿרוי, האָט ער געטראָפֿן אירע אויגן אָנגעשטעלט צו אים, און איר בליק — פֿול ווייכקייַט און געבעט.

איר פּנים האָט איצטער אויסגעדריקט גליק און מו־טערלעכע ליבשאַפֿט. ניט קיין פֿאַלשע, שווינדלערישע פֿרוי איז געזעסן פֿאַר אים, וואָס וויל אים פֿאַרוויקלען אין אַ קע־ניגלעכן סקאַנדאַל און טומל, נאָר אַ מוטער, אַ גליקלעכע מוטער, וואָס נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן, טרעפֿט זי זיך צוריק מיט איר קינד, וואָס איז פֿון איר דורך אַ צופֿאַל אַוועקגע־ריסן געוואָרן. איר פּנים און אירע אויגן האָבן עדות גע־זאָגט אויף דער עכטקייַט פֿון אירע געפֿילן און אויף דער אמתדיקקייַט פֿון אירע ווערטער.

דאָס האָט אָבער נאָך מער פֿאַרגרעסערט זייַן צעטומ־לעניש. הייסט עס: די פֿרוי, די געוועזענע אַם זייַנע, איז גאָר זייַן מוטער!... און ער אַליין איז גאָר קיין פּרינץ ניט!... און זייַן גאַנץ פֿריערדיק לעבן איז בלויז געווען אַ לעגענדע, אַן אויסגעטראַכטע זאַך!...

ער איז געשטאַנען איבערגעפֿילט מיט איבערראַשונגען און איבערלעבונגען, וואָס זייַנען צו שווער געווען פֿאַר זייַן

יוגנט צו קענען זיי לײַכט באַנעמען. ער איז געשטאַנען צע־טומלט און פֿאַרלאָרן.

ביסלעכווײַז אָבער האָט ער אָנגעהויבן קומען צו זיך. ער האָט באַגריפֿן דעם אמת פֿון דער לאַגע. ער איז צוגעגאַנגען צו דער פֿרוי און, אָננעמענדיק איר האַנט, קינדיש, בעטנדיק כּמעט, געפֿרעגט זי:

— הייסט דאָס — איך בין אײַער זון?...

— יאָ, פּרינץ, איר זײַט מײַן זון. אַזוי זיכער, ווי דער טאָג...

— און איר זײַט מײַן מוטער?...

— יאָ, פּרינץ, געוויס. איך בין אײַער מוטער...

— און די קעניגין איז מײַנע אַ פֿרעמדע געווען?

— אינגאַנצן אַ פֿרעמדע, פּרינץ...

— און דער חלום, וואָס איר האָט מיר נאָר וואָס דער־ציילט, איז גאָר קײַן חלום ניט געווען?

— ניין, פּרינץ, עס איז גאָר קײַן חלום ניט געווען... אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט אין דער אמתן: דער קעניג־לעכער פּרינץ איז ערגעץ פֿאַרשוואונדן און דו, מײַן קינד — דערלויב מיר דיך אַזוי אָנצורופֿן איצט — האָסט זײַן פּלאַץ פֿאַרנומען. מער האָט מען פֿון יענעם קיינמאָל נישט גע־הערט. צי די רויבער זײַנע, וואָס האָבן מסתּם געזוכט רײַך צו ווערן דורך אים, האָבן אַלס נקמה, וואָס זייער פּלאַן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, דערמאָרדעט אים, אָדער ער איז אויסגעוואָקסן ערגעץ־וואו און ווייס אַליין ניט, ווער ער איז, — שווער אויף דעם צו ענטפֿערן. דער סוד איז קיינ־מאָל ניט אויפֿגעדעקט געוואָרן...

אומאַנטשלאָסן און שעמעוודיק איז ער צוגעגאַנגען צו איר, אַרומגענומען זי און געפֿאַלן אויף איר האַלדז. זי האָט

אים שטאַרק געדריקט צו זיך, געקושט און געוויינט. דאָס זײַנען געווען טרערן פֿון גליק און פֿרייד.

— יאָרן האָב איך אויף אָט דעם הײַנטיקן טאָג גע־וואַרט און געהאָפֿט, און גוט, וואָס ער איז ענדלעך גע־קומען, — האָט זי דורך טרערן געדריקט אים צו זיך און געפֿרייט זיך.

— און איך האָב הײַנט אָוונט מײַן קעניגלעכע אָפּ־שטאַמונג פֿאַרלוירן און מײַן פּרינצלעכן טיטול, דערפֿאַר אָבער האָב איך מײַן מוטער געפֿונען, מײַן אמתע מוטער. זיכער אַ בעסערער אויסבײַט... איך דאַנק דיר פֿאַר דעם. איך האָב אַלעמאָל געפֿילט אַ באַזונדערע פֿרײַנטשאַפֿט צו דיר...

— זאָלסט זיך גאָרניט זאָרגן, מײַן קינד, וועגן דעם טיטול, וואָס דו פֿאַרלירסט — האָט זי אים געטרייסט — עס איז איצט כּמעט סײַ ווי גאָרנישט ווערט... די טעג פֿונעם קעניגטום זײַנען געציילטע און די ראָל פֿונעם קע־ניג — ניט מקנא צו זײַן... אונטערדריקן דאָס אייגענע פֿאָלק און באַטראַכט ווערן פֿון אים, ווי איינער פֿון זײַנע ערגסטע שונאים, — איך ווייס ניט, וואָס קען זיין שענד־לעכער פֿון דעם... נישט איין טרער האָב איך פֿאַרגאָסן איוף דעם, וואָס דו וועסט די דאָזיקע ראָליע אַליין דאַרפֿן ווען שפּילן. גוט, מײַן קינד, וואָס עס נעמט אַ סוף צו דעם און וואָס דו וועסט מער קיינמאָל ניט זײַן פֿאַרמישט אין דעם. דו ביסט אַ קינד פֿון פֿאָלק און צום פֿאָלק געהערסטו, און מיטן פֿאָלק דאַרפֿסטו גיין...

— און וואָס בלײַבט מיר צו טאָן איצט ? — איז דער פּרינץ געשטאַנען אין פֿאַרלעגנהײַט : — איך מוז שנעל באַשליסן : בלײַבן דאָ און זיך מער ניט אומקערן, אָדער

זאָל איך ווײַטער פֿאָרזעצן צו שפּילן די ראָליע פֿון אַ פּרינץ און אַ יורש ?

— שווער מיר, מײַן קינד, צו עצהנען דיר. זײַן אין הויף איז איצט אַ געפֿערלעכע זאַך, פּשוט אַ געפֿאַר פֿאַרן לעבן. דאָס פֿאָלק ברויזט און קאָכט מיט נקמה און איז אַנט־שלאָסן צו באַפֿרײַען זיך. אַ ליאַדע טאָג וועט דאָס פֿאָלק באַפֿאַלן דעם הויף און אונטערצינדן עס און אָפּרעכענען זיך מיט זײַנע אײַנוואוינער... און דאָס טאַקע האָט מיך באַ־וואויגן צו רופֿן דיך הײַנט אַהער און אַנטפּלעקן פֿאַר דיר דעם סוד, וועלכן איך האָב געטראָגן אין מײַן האַרצן אַזוי־פֿיל יאָרן. אָבער גלײַכצײַטיק פֿיל איך, אַז אַוועק פֿונעם הויף איצטער, ווען דו האָסט אין דײַנע הענט די מאַכט פֿון אַ פּרינץ און אַ יורש, וואָלט אפֿשר געווען פֿאַרראַט צום פֿאָלק... מיט דײַן אײַנפֿלוס קענסטו פֿון אַ סך שלעכטע זאַכן פֿאַרהיטן און אַ סך בלוט־פֿאַרגיסונג אויסמײַדן. קער זיך אום און זע, וואָס דו האָסט צו טאָן. אָבער געדענק: דו ביסט אַ קינד פֿון פֿאָלק און זײַנע אינטערעסן דאַרפֿסטו האָבן אין זינען, וואו דו זאָלסט זיך ניט געפֿינען. און נאָך אַ זאַך: פֿאַרליר זיך ניט און גיב זיך ניט אַרויס, אַז ניט וועט דאָס פֿאָלק לײַדן און דו וועסט טײַער באַצאָלן...

— גוט, מאַמע, איך וועל טאָן, ווי דו זאָגסט...

זי האָט אים נאָכאַמאָל געקושט און ער האָט שנעל פֿאַרלאָזן דאָס אָרעמע הײַזל.

# X

אינעם לאַנד איז די לאַגע געוואָרן דערוויַיל וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער און ערגער. יעדן טאָג האָבן זיך אַלץ מער און מער פֿאַבריקן צוגעמאַכט און די אַרבעטער זיַינען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן אין גאַס. טויזנטער און טויזנטער האָבן זיך אומגעדרייט אין גאַס אָן אַ שטאָך אַר־בעט. זעלטן וואו אימעצער האָט געקענט זיך צושלאָגן צו אַ טאָג אַרבעט און צו עפּעס פֿאַרדינען. פֿון וויַיטע ווינקלען פֿון לאַנד זיַינען אָנגעקומען ידיעות פֿון פֿאָלקס־בונטן. אין אַ צאָל שטעט האָט זיך דאָס פֿאָלק צעבונטעוועט קעגן דעם קעניגס אַדמיניסטראַטאָרס און אַרונטערגעוואָרפֿן זיי, פֿאַר־בייַטנדיק זיי מיט פֿאַרטרעטער פֿון פֿאָלק. די וואָס האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן, זיַינען אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע, די אַנדערע זיַינען זיך צע־לאָפֿן.

איבערן גאַנצן לאַנד האָט געהערשט כאַאָס און צע־טומלעניש. די וועגן זיַינען געוואָרן אומזיכער און די פּוי־ערים האָבן אויסגעמיטן זיך צו באַנוצן מיט זיי. ווייניק שפּיַיז איז צוגעפֿירט געוואָרן, און אין די שטעט האָט מען באַלד אָנגעהויבן פֿילן דעם מאַנגל. די רייַכע האָבן זיך גלייַך גענומען פֿאַרגרייטן, די אָרעמע האָבן ניט געהאַט פֿאַר וואָס. איבער די גאַסן זיַינען אומגעגאַנגען הונגעריקע גרופּעס מענטשן. מאַמעס האָבן געזוכט און געשטערט

פֿאַר אַ טראָפּן מילך פֿאַר זייערע קינדער און ניט געקענט געפֿינען. אין אַ צאָל פֿלעצער זײַנען די הונגעריקע מאַסן באַפֿאַלן די קראָמען און צעראַבירט זיי.

דער צאָרן פֿון די מענטשן איז געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג. אַלע האָבן געפֿילט, אַז דער הויף איז דער צענטער, פֿון וואַנען אַלע צרות שטאַמען: אי זיי האַלטן דאָס פֿאָלק פֿאַרשקלאַפּט, אי זיי קענען ניט באַזאָרגן אים מיטן סאַמע נויטיקסטן. איז צו וואָס דאַרף מען זיי? צו וואָס לײַדן פֿון זיי? נידער מיט זיי! אַרונטער! זאָלן זיי גיין, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט!

פֿאַרן הויף האָבן זיך יעדן טאָג גענומען קלײַבן מענטשן מיט צעקאָכטע פּנימער און אויפֿגערעגטע געמי־טער. זיי זײַנען געשטאַנען אין גרופּקעס און געקאָכט זיך און געהיצט זיך, און געהויבן דראָענדיקע פֿויסטן אין דער ריכטונג פֿון פּאַלאַץ. דאָרטן, בײַם טויער, זײַנען געשטאַנען פֿאַרשטאַרקטע וואַכן פֿון זשאַנדאַרן, מיט די אָפֿענע שווערדן אַרויסגענומען פֿון די שיידן, גרייט זיי אָנצואווענדן קעגן יעדן איינעם, וואָס וועט וואַגן פּרובירן אַרײַנצורײַסן זיך אין הויף. די וואַך פֿונעם פּאַלאַץ איז שוין איצט ניט באַ־שטאַנען מער פֿון איינפֿאַכע סאָלדאַטן, וועלכע דער קעניג האָט מער ניט געטרויט — ווײַל, נאָך אַלעמען, זײַנען זיי אַליין געווען קינדער פֿון פֿאָלק און געקענט לײַכט אַריבער־גיין אויף זײַן זײַט — די וואַך פֿונעם פּאַלאַץ איז שוין איצט באַשטאַנען פֿון דעם קעניגס געטרײַעסטע און איבערגע־געבנסטע דינער — די זשאַנדאַרן. יענע האָבן געהאַט גענוג זינגד אויף זיך אַליין און האָבן געוואוסט, אַז דעם פֿאָלקס נקמה, ווען זי וועט קומען, וועט זיי אויך ניט אויס־לאָזן — ניט ווייניקער אפֿשר, ווי דעם קעניג. דעריבער

זײַנען זיי גרייט געווען צו דינען דעם קעניג און דעם הויף ביז דער לעצטער מינוט, און פֿאַרטיידיקן זיי ביז דער לעצ־טער מעגלעכקײַט. אויף זיי, האָט דער קעניג געוואוסט, קען ער זיך פֿאַרלאָזן.

ווײַטער פֿונעם טויער האָבן די זשאַנדאַרן אַליין מורא געהאַט אַ טראָט צו מאַכן, אָבער בײַם טויער זײַנען זיי גע־שטאַנען ווי וואַך־הינט, גרייט אַרויפֿצוואַרפֿן זיך אויף יעדן איינעם, וואָס וועט וואַגן צוקומען נענטער מיט פֿאַר־דעכטיקע אַבזיכטן, און צערײַסן אים אויף שטיקער. דער הויף איז איצטער געווען, ווי אַ פֿעסטונג, און זיי האָבן געוואוסט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט דאָס פֿאָלק אָנפֿאַלן און נעמען שטורעמען זי. זײַנען זיי דעריבער גרייט געווען צו פֿאַרטיידיקן זי — און פֿאַלן, אויב עס וועט נויטיק זײַן, צו־זאַמען מיט איר. זיי זײַנען גרייט געווען אַליין מיט זייערע קעפּ צו באַצאָלן, אָבער אויך מאַכן דעם פֿאָלק טײַער באַ־צאָלן פֿאַר זײַן געוואונענער פֿרײַהײַט.

אינמיטן פֿון אָט דער סומאַטאָכע איז דער קעניג פּלוצלונג געשטאָרבן. ער איז געשטאָרבן פֿון אַ האַרץ־שלאַג. זײַן האַרץ האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם פֿאָלקס ווידערשפּעניגקײַט און חוצפּה. דורך די אַלע יאָרן האָט ער ניט נאָר דעם פֿאָלק געזוכט אײַנצורעדן, נאָר זיך אַליין אויך אײַנגערעדט, אַז ער שטייט העכער פֿון אַלעמען, אַז ער שטייט איבער אַלעמען, און אַז דאָס פֿאָלק איז מחויב צו דינען אים, צו זײַן געהאָרכזאַם צו אים און זײַן אונטער־טעניק. און ווען דאָס פֿאָלק האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ ווידער־שפּעניגקײַט און פֿאַראַכטונג צום אים, האָט עס זײַן קעניג־לעכע האַרץ ניט אויסגעהאַלטן, און געפּלאַצט.

דעם קעניגס טויט האָט בײַם פֿאָלק אַרויסגערופֿן

גרויס פֿרייד. עס האָט אים געמאַכט צו פֿילן, אַז די שעה פֿון באַפֿרײַאונג איז דורך דעם געקומען נעענטער, און אַז דער שונא האָט דורכן קעניגס טויט פֿאַרלאָרן אַ וויכטיקן אָנהאַלט. אינעם הויף אָבער האָט עס אַרויסגערופֿן אַ גרויס צעטומלעניש. די צעטומלעניש, וואָס האָט דאָרט פֿריער געהערשט, איז דורך דעם גרעסער געוואָרן.

די הויפֿלײַט האָבן געקריצט מיט די ציין. אַמאָליקע צײַטן, ווען אַ קעניג פֿלעגט שטאַרבן, פֿלעגט מען מאַכן דאָס פֿאָלק צו פֿילן, אַז אַן אומגליק האָט דעם לאַנד גע־טראָפֿן. שוואַרצע פֿאָנען פֿלעגן אַרויסגעהאַנגען ווערן, און גאַנצע דרײַסיק טעג פֿלעגט דאָס פֿאָלק דאַרפֿן זײַן אין טרויער. איצט אָבער פֿאַרשטעלט דאָס פֿאָלק גאָרניט זײַן פֿרייד און ווײַזט עס אַרויס אָפֿן.

און וואָס וועט איצטער זײַן? מען דאַרף קרוינען דעם זון זײַנעם, דעם יורש. ביז איצט פֿלעגט עס זײַן איינער פֿון די גרעסטע יום־טובים אין לאַנד. אַ טאָג פֿלעגט באַשטימט ווערן פֿאַר דעם און דאָס פֿאָלק פֿלעגט זיך נעמען גרייטן. איבערן גאַנצן לאַנד פֿלעגט דאָס פֿאָלק נעמען רייניקן די גאַסן און די הויפֿן, און שײַערן די הײַזער און די גאַניקעס, אַקוראַט ווי דער יונגער קעניג וואָלט דאָרט געדאַרפֿט דורכ־פֿאָרן און אַלץ איבערקוקן. וועגן דער הויפּטשטאָט איז דאָך אָפּגערעדט: דאָרט פֿלעגן אַלע גאַסן אָפּגעוואַשן ווערן און די הײַזער פֿלעגן דאַרפֿן איבערגעפֿאַרבט ווערן. אין דעם באַשטימטן טאָג אַליין פֿלעגן אַלע וואַרשטאַטן און קראָמען, פֿאַבריקן און רעגירונגס־אינסטיטוציעס, זײַן צו־געמאַכט, און דאָס גאַנצע לעבן פֿלעגט יענעם טאָג אָפּגע־שטעלט ווערן. דאָס פֿאָלק פֿלעגט נאָך פֿון אינדערפֿרי אָן פֿאַרלאָזן די הײַזער און, אויסגעפּוצטע יום־טובֿדיק, זיך

צוזאַמענקלײַבן אין צענטער פֿון שטאָט און שטיין און וואַרטן אויף דער גרויסער געשעעניש.

פּונקט אינמיטן טאָג פֿלעגט זיך די צערעמאָניע אָנ־פֿאַנגען. דאָס קעניגטום האָט זיך דאַמאָלסט אַרויסגע־שטעלט אין זײַן פֿולן גלאַנץ און פּראַכט: גאָלד און זיל־בער, ברילִיאַנטן און דימענטן, סאַמעט און זײַד, פּוטערנע מאַנטלען און צילינדערס, עקיפּאַזשן און קאַרעטן... די רײַכסטע מענטשן פֿון לאַנד פֿלעגן פֿאָרן אין זיי, די פֿערד געשפּאַנט נאָ־שפּיץ, און די טרײַבער אין ליווריייען פֿון הינטן. און ווער איז דאָרט ניט געווען? הויפֿדאַמען מיט זייערע פּאַזשן, גענעראַלן און מיניסטאָרן אין געפּאַסטע אוניפֿאָר־מען מיט גאָלדענע און זילבערנע עפּאָליעטן און בלישטשענ־דיקע קנעפּ, גלחים אין זייערע שוואַרצע ברייטע ראָבן, פֿאַבריקאַנטן און באַנקירן מיט גלאַטע פּליכעס אויף די קעפּ און גרויסע אַרויסגעשטעלטע בײַכער, און גלאַט אַזוי רײַכע לאַנדבאַזיצער — גראַפֿן און באַראָנען — וואָס האָבן צוזאַ־מענגעשטעלט דעם אַדל פֿון לאַנד און זײַנען געווען די הויפּטשטיצע, סײַ פֿונעם קעניג און סײַ פֿונעם קעניגטום. זיי אַלע האָבן זיך איצטער אַרויסגעשטעלט מיט זייער גאַנ־צער רײַכקייט, פּאַרנעם און אָנזען.

אָבער ניט נאָר מיט גלאַנץ און פּראַכט פֿלעגט זיך דאָס קעניגטום אַרויסשטעלן פֿאַרן פֿאָלק דעם טאָג, נאָר אויך מיט מאַכט און קראַפֿט: ביקסן און קאַנאָנען, שווערדן און האַרמאַטן, פֿון אַלערליי גרויס און קאַליבער, און אויך אַלערליי אַנדערע כּלי־זין, ווי פּיסטאָליעטן און שווערדלעך, נאַהײַקעס און קאַנטשיקעס, קינזשאַלן און פּיקעס, כּלומרשט צוגעפּוצט מיט זײַדענע קוטאַסן, עס זאָל אויסקוקן, ווי אַ שפּילצײַג — אין אַ יום־טובֿ טאָג, אָבער מיט בלײַענע קוי־

לעכלעך אינעווייניק און מיט קוילן פֿאַרשטעקט אין די גאַרטלען — פֿאַר אַן אינדערוואָכן טאָג, אויב מען זאָל עס דאַרפֿן נוצן... און קאָזאַקן — הויכע, געזונטע, אויף שוואַרצע און ברוינע פֿערד — און זשאַנדאַרן אין בלויע אוניפֿאָרמען, און הוסאַרן, און דראַגונער, און פֿאַרשיידענע אַנדערע מיליטער־פֿאָרמירונגען — יעדע מיט איר פֿאַרביקער און אויסטערלישער קליידונג און יעדע מיט איר באַזונדער סאָרט געווער, — דאָס פֿאָלק זאָל טאַקע זען און וויסן: איצטער איז עס אַלץ פֿאַרפּוצט און יום־טובדיק, שפּילעוודיק און צערעמאָניעל. נאָר זאָל מען דאַרפֿן, ליגט אַ גוואַלדיקער כּוח באַהאַלטן אין דעם, אַ כּוח, וואָס קען ניט נאָר איין פֿאָלק צעשפּאַלטן די קעפּ און צעטרעטן אונטער די פּאָדקעוועס, נאָר צען אַפּילו... עס האָט טאַקע בפּירוש געמיינט: קוק און זע, ווי שטאַרק מיר זײַנען...

און דאָס פֿאָלק האָט געקוקט אויף דעם מיט באַוואונדערונג און מורא און ניט געוואוסט: צי זאָל זיך עס פֿרייען, אָדער שרעקן פֿאַר דעם... ווי אַ קליין קינד, וואָס קוקט דעם ערשטן מאָל אויף אַ באַוועגלעך שפּילצײַג און ווייס ניט, צי זאָל עס זיך צורירן צו דעם, אָדער עס איז געפֿערלעך פֿילײַכט...

ערשט נאָך דער גאַנצער פֿאַרביקער און מעכטיקער פּראָצעסיע פֿלעגט, ווי אַ וויכער, זיך דורכטראָגן אין אַ האַלב־פֿאַרמאַכטן עקיפּאַזש מיט ווײַסע פֿערד געשפּאַנט, ער אַליין, ס'הייסט דער יונגער נײַ־געזאַלבטער קעניג, פֿוןביידע זײַטן אַרומגעזעצט מיט גענעראַלן און אָפֿיצערן. פֿון הינטן, פֿאַרשטייט זיך, פֿלעגן קומען נאָך סאָלדאַטן.

דער קעניג פֿלעגט זיך דורכטראָגן, ווי אַ ווינט, און דאָס פֿאָלק פֿלעגט קוים באַווײַזן צו כאַפּן אַ קוק אויף אים.

זעלטן ווער וואָלט געקענט מיט זיכערקייט זאָגן, אַז ער האָט טאַקע געזען דעם יונגן קעניג. אָבער סיי ווי האָבן זיך אַלע געפֿרייט. צי געוואָלט, צי ניט געוואָלט, אָבער די גע־שרייען פֿון פֿאָלק, די כּלומרשטע פֿרייד־געשרייען, פֿלעגן זיך טראָגן אין הימל. און אָפּהילכן אין דער לופֿט ווייט אַרום.

אָט וואָס עס פֿלעגט זיך אָפּטאָן דעם טאָג!

און דאָס איז נאָך אויך ניט געווען אַלץ. ערשט שפּע־טער פֿלעגן לצים און וויצלער, „נאַראָנים" און קונצנמאַכער, פֿאַרווײַלן דאָס פֿאָלק ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָס פֿאָלק פֿלעגט זיך אָנלאַכן און אָנפֿרייען און פֿילן זיך כּלומרשט גליק־לעך. די הויפֿלײַט האָבן זיך אויך געפֿילט גליקלעך: דאָס פֿאָלק לאָזט זיך נאַרן און לאָזט זיך פֿאַרשפּילן, ווי קינ־דער...

דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל. איצטער איז גאָר אַנ־דערש. איצטער איז אַ רעוואָלוציע אין לאַנד. דאָס פֿאָלק איז מערניט נאַריש און לאָזט זיך ניט פֿאַרשפּילן. מיט קיין שפּילצײַג קען מען אים מער ניט אונטערקויפֿן. עס וויל ניט קיין פֿאַראַדן מער — עס וויל ברויט. עס וויל ניט קיין קעניג — עס וויל פֿרײַהייט. די הויפֿלײַט האָבן גאָר מורא געהאַט אַרויסצופֿירן דעם פּרינץ פֿונעם הויף אַרויס.

אַלע אין הויף זײַנען אומגעגאַנגען צעטומלט, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן.

אָבער דאָ איז מיטאַמאָל אויפֿגעקומען אַ נײַער גע־דאַנק: אפֿשר איז גאָר דעם קעניגס טויט אַ טובֿה? אפֿשר וועט דאָס גאָר זײַן אַ ישועה? אפֿשר וועט דאָס גאָר העלפֿן צאַמען דעם פֿאָלקס רעוואָלט־גײַסט און אײַנהאַלטן זײַן

אומרו? אפשר וועט דאָס גאָר באַרואיקן דאָס פאָלק און שטילן זײַן צאָרן?

די פריערדיקע קעניגלעכע פאָר איז געווען פאַרהאַסט און פאַראַכטעט בײַם פאָלק אין די אויגן. דער קעניג איז געווען באַקאַנט מיט זײַן ברוטאַלקײַט און אונאַכטונג פאַרן פאָלקס אינטערעסן, די קעניגין — מיט איר רשעות און בייזקײַט. דער נײַער קעניג אָבער, דער יונגער פרינץ, מיט זײַן שיינעם און אַנגענעמען פנים, מיט זײַן פרײַנטלעכן שמייכל, מיט זײַנע איידעלע מאַנירן, וועט צוציען דאָס פאָלק צו זיך און מאַכן אים פאַרגעסן די פריערדיקע קריוודעס.

עס איז געווען אַ פײַנער אײַנפאַל, אַ פײַנער געדאַנק, און די הויפלײַט האָבן זיך צוגעכאַפּט צו אים, ווי צו אַ רע־טונגס־גאַרטל. די געמיטער האָבן זיך עטוואָס באַרואיקט און די שטימונג איז געוואָרן האָפנונגספולער. דער גאַנצער הויף האָט זיך אָנגעהויבן פילן זיכערער. מען האָט גע־האָפט: דער יונגער פרינץ וועט ראַטעווען דעם טראָן פאַר זיך און די אַלטע הערשאַפט מיט די אַלטע פריווילעגיעס — פאַר זיי.

מען האָט באַשטימט אַ טאָג פאַר דער קרוינונג.

# XI

עס איז אָנגעקומען דער אָנגעמערקטער טאָג. אַלע אין הויף זײַנען געווען אויפֿגערעגט. עס איז געווען אונמעגלעך צו פֿאָראויסזען, ווי אַזוי דעם פֿאָלקס האַנדלונג און רעאַקציע וועט זײַן. וועט דאָס פֿאָלק זיך אָפּרופֿן? וועט עס אונטערוואַרפֿן זיך דער אַלטער טראַדיציע? אָדער, פֿאַרקערט, עס וועט אויסנוצן דעם טאָג פֿאַר רעוואָלט־אַרויסטרעטונגען און פֿאָלקס־דעמאָנסטראַציעס, און דער גאַנצער פּלאַן פֿון הויף וועט זיך נאָך ענדיקן מיט אַ דורכפֿאַל און אפֿשר אויך אַ קאַטאַסטראָפֿע?

מען האָט בכלל ניט געוואוסט, ווי אַזוי די צערעמאָניע דורכצופֿירן: מיט אַ שטיקל פּאָמפּ — ווי אַמאָל — וואָס פֿון איין זײַט שאַפֿט עס אַ געפֿיל פֿון באַוואונדערונג, און פֿון דער צווייטער זײַט קען עס נאָך מער אויפֿרייצן דאָס פֿאָלק און אַנטאַגאָניזירן אים, אָדער אַן אײנפֿאַכע, פּשוטע צערעמאָניע, וואָס קען שאַפֿן דעם אײַנדרוק פֿון שוואַכקײַט, געפֿאַלנקײַט, און במילא צוגעבן מוט די שונאים, די קעגנער? מען האָט ניט געוואוסט, וואָס ס׳איז גלײַכער, וואָס ס׳איז בעסער...

ס׳איז אויך געווען אַ פֿראַגע פֿון פֿאַרהיטן דעם פּרינצס לעבן: אין אַזאַ צײַט, בײַ אַזאַ שטימונג, בײַ אַזאַ גרויסן צוזאַמענקום, קאָן אַלץ פּאַסירן...

דער יונגער פּרינץ האָט דורכאויס געפֿאָדערט, אַז

ער וויל זיך ווײַזן פֿאַרן פֿאָלק. ניט אין פּאַלאַץ זאָל די קרוי־נונג פֿאָרקומען, ניט אין הויף, נאָר אויפֿן גרויסן סקווער, וואָס נעמט אַרײַן טויזנטער און טויזנטער מענטשן. די הויפֿ־לײַט האָבן ניט געוואוסט, צי שטאַמט די דאָזיקע פֿאָדערונג זײַנע פֿון שטאָלצקײַט, פֿון געוואַגטקײַט, פֿון זיכערקײַט אין זיך, אָדער גאָר פֿון אומדערפֿאַרונג, יונגקײַט און ניט אָפּ־שאַצונג פֿון דער ריכטיקער לאַגע.

אָבער דער פּרינץ האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און מען האָט אים געמוזט נאָכגעבן.

מען האָט געלאָזט וויסן דעם פֿאָלק וועגן דעם. מען האָט געלאָזט וויסן דעם פֿאָלק, אַז דער יונגער פּרינץ, וועל־כער איז באַשאָנקען מיט אַלע מעלות, וואָס אַ הערשער דאַרף האָבן אין זײַן זאָרג פֿאַרן פֿאָלק, וועט זיך קרוי־נען אַלס קעניג פֿון פֿאָלק, פֿאַר די אויגן פֿון פֿאָלק, אויפֿן גרויסן סקווער.

דאָס פֿאָלק האָט אויפֿגענומען די נײַס מיט חוזק און צאָרן. דער חוזק איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער פּרינץ האָט ניט געפֿונען קײַן אַנדער צײַט צו קרוינען זיך, ווי איצט, ווען די קרוינען ווערן אַרונטערגעריסן פֿון די קעפּ פֿון די הערשער און פֿאַרוואָרפֿן אין מיסטקאַסטנס. און דער צאָרן איז באַשטאַנען אין דער חוצפּה פֿון די הויפֿלײַט, וואָס וואַגן קומען צו פֿאָלק און אויפֿרייצן אים נאָך מער.

מען האָט זיך גענומען ישובֿן, וואָס צו טאָן. איצט האָט זיך דאָס פֿאָלק געישובֿט, ווי אַזוי אויסצונוצן די דאָזיקע גע־לעגנהײַט פֿאַר זײַנע צוועקן. אייניקע האָבן געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אויסנוצן די דאָזיקע געלעגנהײַט פֿאַר אַן אָפֿענער שלאַכט מיטן קעניג. ניט אַזוי, ווי דאַמאָלסט, ווען מען איז אַרויס יום־טובֿדיק, אויסגעפּוצט, מיט די פֿרויען און קינ־

דער, נאָר דעם מאָל זאָלן בלויז די מענער אַרויס, די יונגע און געזונטע, און באַוואָפנט מיט שטיינער און שטעקנס, אײַזנס און לײַכטן וואָפן, וואַרפן זיך קעגן די באַוואָפנטע סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן און באַזיגן זיי מיטן כוח פון פאָלק — מיטן כוח פון זײַן איבערוועגנדיקער צאָל און מיטן כוח פון זײַן אייזערנעם ווילן צו דערשלאָגן זיך צו פרײַהײַט און אַ מענטשלעך לעבן. געוויס וועלן דערבײַ פאַלן קרבנות, האָבן זיי געזאָגט, אָבער אויף דעם דאַרף מען זײַן גרייט: אָן קרבנות וועט מען דעם קעניג קיינמאָל ניט באַזיגן...

דער צד האָט אַפילו פאָרגעשטעלט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַלץ דורכצופירן. לויט דעם פּלאַן, וואָלט איין טייל פון פאָלק באַפאַלן דעם קעניג און זײַנע היטער אויפן סקווער און באַמיט זיך צו נעמען זיי געפאַנגען, און אַ צווייטער טייל וואָלט אין דער זעלבער צײַט פאַרנומען דעם שוואַכער-באַוואַכטן הויף און קעניגלעכן פּאַלאַץ.

אַ צווייטער צד, אַ מער מעסיקער, איז געווען קעגן דעם פּלאַן: אי זיי האָבן מורא געהאַט אײַנצושטעלן, אי זיי האָבן ניט געוואָלט קיין קרבנות פון פאָלק. זי האָבן גע-גלויבט, אַז נאָך אַ ביסל צײַט און דאָס קעניגטום וועט זיך סײַ ווי צעפאַלן פון דער אייגענער שוואַכקײַט און אומפיי-איגקײַט, און קיין קרבנות וועלן אינגאַנצן ניט נויטיק זײַן. זייער פאָרשלאַג איז געווען צו איגנאָרירן דעם פּאַראַד, און זאָל די „פאָלקס"-קרוינונג זײַן אָן דעם פאָלק.

כּדי ניט צו צעשפּאַלטן דעם פאָלקס אייניגקײַט, זײַנען ביידע צדדים אײַנגעגאַנגען אויף אַ פּשרה: דאָס פאָלק זאָל גיין צום סקווער, גרייט אויף אַלע מעגלעכקײַטן. דאָס פאָלק אַליין זאָל גאָרנישט אָנפאַנגען, נאָר אויב עס זאָל פּראָוואָצירט ווערן, דאַן וועט אָנגענומען דער פאָרשלאַג

פֿון דעם ערשטן צד, און ווערט דורכגעפּירט מיט פֿולן אימפּעט אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון ספּעציעל־פֿאַרטרויטע מענטשן.

עס איז געקומען דער באַשטימטער טאָג. דער מלוכה־סקווער איז געווען צוגעפּוצט און אויפֿגעראַמט. צו דער פֿאַרוואונדערונג פֿון די אויפֿזעער און אַראַנזשירער פֿון פּאַראַד איז דאָס פֿאָלק געקומען אין גרויסע מאַסן. אויף די פּנימער פֿון די מענטשן איז אָבער שווער געווען צו לייענען, וואָס אין זייערע הערצער און געדאַנקען טוט זיך. אַזוי איז שוין געווען אָפּגעמאַכט פֿון פֿריער: אַלץ זאָל זײַן פֿאַרשטעלט און באַהאַלטן, דער שונא זאָל גאָרניט קענען פֿאַראויסזען און פֿאָראויסרעכענען.

עס איז געוואָרן צוועלף אַזייגער. פֿון דער זײַט פֿון פּאַלאַץ האָט זיך געוויזן די פּראָצעסיע. עס איז בשום אופֿן ניט געווען די זעלבע פּראָצעסיע, וואָס אַמאָל. עס האָבן געפֿעלט די זײַדנס און סאַטינען, די טײַערע פֿוטערס און מאַנטלען, ווי אויך די טײַערע עקיפּאַזשן מיט די דיקע בײַ־כיקע מענטשן אין זיי. אָבער אַביסל פּאָמפּ און פֿאַרביגקײַט איז נאָך אַלץ געבליבן: דער הויף האָט געוואָלט ווײַזן אַ שיינעם שמייכל צו אַ טרויעריקער שפּיל...

דער פּרינץ איז דאָס מאָל געפֿאָרן אויף אַ ווײַסן פֿערד, רײַטנדיק אַליין, לאַנגזאַם, נישט אַרומגערינגלט פֿון ביידע זײַטן מיט קײַן גענעראַלן און הויפֿלײַט. ער האָט געקוקט זיכער אַרום זיך און געוואָרפֿן פֿרײַנטלעכע בליקן צו דעם שווײַגנדיקן עולם בײַ די זײַטן. בלויז פֿון הינטן זײַנען אים נאָכגעריטן עטלעכע אָפֿיצערן, שוואַך באַוואָפֿנט, און אָן שום פּראָוואָצירנדיקן שפּילן זיך מיטן כּלי־זין.

ווען די פּראָצעסיע איז צוגעקומען צום סקווער, האָט

דאָרט געהערשט אַ שטיל־שווײַגן. נישט האָט ווער באַגריסט דעם יונגן פּרינץ, און נישט האָט ווער געפּרואווט וואַרפן אין זײַן זײַט באַליידיקונגען. דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן: „גאָט, באַשיץ און באַשירעם דעם קעניג!" — אָבער קיין איינער פונעם עולם האָט ניט מיטגעזונגען און ניט אַראָפּגעצויגן דאָס היטל.

אַלע זײַנען געשטאַנען אָנגעשטרענגט און געוואַרט צו הערן, וואָס דער יונגער פּרינץ האָט צו זאָגן: צי וועט ער זיי פּראָוואָצירן מיט עפּעס, אָדער פּרוּאוון רעדן צו זיי גלאַטע, סאַמעטענע רייד און דורך שיינע ווערטער און קלינגענדיקע פראַזן, פּרוּאוון אויסמײַדן צו באַרירן די נויט פון פאָלק און זײַן דראַנג נאָך פרײַהײַט און אַ בעסער לעבן.

ענדלעך האָט דער מאַרשאַל פון פּאַראַד געמאָלדן:

— זײַן וואוילגעבאָרנקײַט דער פּרינץ, דער יורש פונעם טראָן, וויל רעדן צום פאָלק, איידער ער נעמט די שבועה פון טרײַהײַט און איידער ער ווערט געקרוינט אַלס קעניג פון לאַנד.

די אָנשטרענגונג איז איצט געוואָרן נאָך שטאַרקער און די שטילקײַט איז געווען אַזוי דיך, אַז מען וואָלט געקענט הערן דאָס קלאַפּן פון די הערצער בײַ יעדערן, ווען יענע וואָלטן זיך ניט באַמיט אײַנצוהאַלטן די אָטעמס. עס האָט געוואַרט דאָס פאָלק, עס האָבן געוואַרט די הויפלײַט.

פריער, אין פּאַלאַץ, האָבן זיך די הויפלײַט געשפּאַרט מיטן פּרינץ: ער האָט נאָר אַליין געוואָלט פאָרלייענען די פּראָקלאַמאַציע צום פאָלק און ניט דורך דעם ערשטן מיניסטער, ווי עס פלעגט זיך פירן אַלע מאָל, און ווי עס האָט געפאָדערט דער קעניגלעכער עטיקעט. אומזיסט האָבן די

הויפּלײַט געטענהט, אַז עס איז אונטער דעם כּבוד פֿון אַ געקרוינטן הערשער צו רעדן אַליין דירעקט צום פֿאָלק, אַז אַזעלכעס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט. אָבער דער פּרינץ האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און מען האָט אים געמוזט נאָכגעבן.

בכלל איז דעם פּרינצס אויפֿפֿירונג לעצטנס געווען מאָדנע און אומפֿאַרשטענדלעך. אויב אַלע מאָל האָט ער זיך געלאָזט פֿירן און געטאָן, ווי אַזוי מען האָט אים געלערנט, איז ער לעצטנס, איבערהויפּט זינט נאָכן קעניגס טויט, געוואָרן זעלבסטשטענדיק בײַ זיך, האָט אַזעלכע מאָדנע אײַנפֿאַלן, און באַשטייט דורכאויס אויף דורכצופֿירן זיי. די הויפּלײַט האָבן קײַן אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי נאָכצוגעבן אים אין אַלץ, ספּעציעל, ווען דער גאַנצער באָדן האָט זיך איצט געוואַקלט, און ער האָט עס געדאַרפֿט מיט זײַן פּערזענלעכקײַט, מיט זײַן וואָרט און מיט זײַנע האַנדלונגען, איינהאַלטן די גאַנצע קעניגלעכע געבײַדע פֿון אײַנצופֿאַלן.

באַלד נאָכדעם, ווי דער מאַרשאַל האָט געלאָזט וויסן, אַז דער פּרינץ גייט רעדן צום פֿאָלק, האָט דער פּרינץ זיך פּלוצלונג אָפּגעטיילט פֿון זײַנע היטער און איז צוגעריטן האַרט נאָענט צום פֿאָלק. זײַנע באַגלייטער זײַנען פֿאַרצי־טערט געוואָרן. עטלעכע אָפֿיצערן זײַנען צוגעריטן צו אים און געוואָלט אים ארומרינגלען, אָבער דער פּרינץ האָט זיי געגעבן אַ צייכן אָפּצורוקן זיך און פֿאַרנעמען זייערע פֿריער־דיקע פּלעצער.

אַלע האָבן שטיל געוואַרט צו הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן.

דער פּרינץ האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און גע־
נומען פאָרלייענען:

— בירגער! — האָט ער אָנגעהויבן.

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט. קיינמאָל האָבן די פריערדיקע קעניגן ניט אָנגערופן אַזוי די איינוואוינער פון לאַנד. „אונטערטאַנען" — דאָס איז געווען דער נאָמען זייערער און זייער שטאַנד אין לאַנד.

די הויפלייט, וואָס זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס, האָבן זיך אויך איבערגעקוקט. דאָס וואָרט האָט געקלונגען פאַר זיי פרעמד און אונטער דערווירדע פון אַ קעניג. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די צייט פאָדערט אירע צינזן, אירע קאָנצעסיעס. אָבער אַזויפיל נאָכגעבן דעם פאָלק, אַזויפיל פאַרבויגן דעם קעניגס כבוד און שטאָלץ, וואָלטן זיי קיינמאָל ניט דערלאָזן, ווען עס ווענדט זיך אָן זיי. בכלל, וואו האָט עס דער פּרינץ גענומען דאָס וואָרט, אַז אין דער פּראָקלאַ־מאַציע, וואָס זיי האָבן פאַר אים געשריבן, איז אַזוינס ניט געזאָגט געוואָרן? אָבער מסתמא האָט עס דער פּרינץ אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אומגעביטן. צום אומגליק, טוט דער יונגער פּרינץ לעצטנס, וואָס ער וויל, און זיי קענען אים גאָרנישט איינזאָגן...

אויפן פאָלק האָט דאָס וואָרט געמאַכט אַ גוטן איינ־דרוק. עס קלינגט ניט און עס גלעט ניט, ווי „ברידער און שוועסטער", אָבער עס קלינגט ערנסט און ווירדיק. נאָך אַלעמען, זיינען זיי דאָך בירגער פון לאַנד. עס בלייבט איצט בלויז איבער צו הערן, וואָס האָט ער ווייטער צו זאָגן.

די מענטשן האָבן געקוקט דעם פּרינץ גלייך אין פּנים. צום ערשטן מאָל איז ער געווען אַזוי נאָענט פון זיי, אַז זיי זאָלן אים קענען גוט באַאָבאַכטן און באַמערקן יעדן שטריך

זײַנעם. צום ערשטן מאָל בכלל, וואָס זיי זעען אים, אױ־סער וואָס אויף די אָפּיציעלע בילדער, אין זײַן פֿולער פּרינצ־לעכער קליידונג. ער קוקט אויס צו האָבן אַ יונגן, ענערגישן פּנים, מילדע אויגן און פֿרײַנטלעכע שטריכן. אַ שאָד, וואָס ער געהערט צום פֿײַנטלעכן לאַגער און ניט צום פֿאָלק...

און דער פּרינץ האָט דערווײַל פֿאַרגעזעצט ווײַטער:

— בירגער! הײַנט איז אַ וויכטיקער טאָג אין אונדזער לאַנד. דער הײַנטיקער טאָג וועט פֿאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פֿון אונדזער לאַנד. שווערע טעג לעבט דורך איצט אונדזער לאַנד, שווערערע, ווי ווען עס איז פֿריער. דאָס פֿאָלק, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהאַט גענוג ברויט צו דער זאַט, קײַן שוך און קײַן קלייד אָנצוטאָן, קײַן גאַנצן דאַך איבערן קאָפּ און קײַן זיכערקײַט פֿאַרן מאָרגן, האָט נאָך דערצו געשמאַכט אין שקלאַפֿערײַ. די קעניגן האָבן גע־האַלטן פֿאַרשקלאַפֿט דאָס פֿאָלק...

דער עולם, וואָס האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו יעדן וואָרט פֿון פּרינץ, איז געבליבן שטיין צעמישט. זיי האָבן ניט געוואוסט: הערן זיי דאָס פֿונעם יונגן פּרינץ, וואָס איז זיך דאָ געקומען קרוינען אַלס קעניג, אָדער הערן זיי דאָס פֿון זייערן אַן אייגענעם פֿירער? הערן זיי דאָס אין חלום, אָדער אויף דער וואָר?...

די הויפֿלײַט זײַנען אויך געוואָרן צעטומלט. אויף אַ מינוט זײַנען זיי געוואָרן געפּלעפֿט און אַזוי ווי פֿאַרשטיי־נערט. באַלד אָבער זײַנען זיי געקומען צו זיך. זיי האָבן פֿאַרגעסן אָן זייער עטיקעט און אָן דעם גאַנצן אָפּיציעלן אָנ־שטעל און גענומען לויפֿן איינער צום אַנדערן, ווי זוכנדיק הילף און אַ דערקלערונג פֿאַר דעם, וואָס עס קומט דאָ פֿאָר. זיי האָבן אויך ניט געוואוסט, צו הערן זיי דאָס טאַקע, אָדער

דער טײַוול פּירט דורך אַ שפּיל אַזאַ מיט זיי ?... אָבער אַלע האָבן אויסדריקלעך געהערט דאָס זעלבע. איז דער פּרינץ פון זינען גערירט ? אָדער האָט ער עפּעס גלאַט אַזוי אַ טײַוולשן שפּיצל אָפּגעטאָן זיי ? וואָס האָט פּאַסירט מיט אים ?

אייניקע פון זיי האָבן זיך געוואָלט אַ לאָז טאָן צו אים און אַרויסרײַסן דעם פּאַפּיר פון זײַנע הענט, אָבער דאָס פּאָלק האָט אים גלײַך אַרומגערינגלט און אַרומגענומען, ווי מיט אַן אײַזערנער קייט, און די הויפלײַט האָבן געמוזט צוריקטרעטן.

דער פּרינץ האָט דערווײַלע פאָרגעזעצט :

— בירגער ! גענוג האָט איר געליטן ביז איצט ! הײַנט וועט נעמען אַ סוף צו אײַערע לײדן. פרײַ וועט איר זײַן צו ווערן אַליין די באַלעבאַטים איבער זיך און אַליין באַשטי־מען אײַער גורל און אײַער צוקונפט...

— דער פאַרשטאָרבענער קעניג פון לאַנד האָט מיר איבערגעלאָזן די מאַכט צו הערשן איבער אײַך, ווי ער, און צענדליקער קעניגן פאַר אים, האָבן דאָס געטאָן. איך נעם איבער די מאַכט פונעם פאַרשטאָרבענעם קעניג און באַנוץ זיך מיט איר, אומצוקערן אײַך צוריק אײַער פרײַהײַט, וועל־כע די פריערדיקע קעניגן האָבן צוגערויבט פון אײַך...

— פרײַ זײַט איר פון איצט אָן ! פרײַע בירגער פון אַ פרײַען לאַנד ! איך זאָג זיך אָפּ אָנצונעמען דעם קעניג־לעכן טיטול און מיט דער מאַכט, וואָס איך באַזיץ, דער־קלער איך אונדזער לאַנד פאַר אַ רעפּובליק...

— זאָל לעבן די רעפּובליק ! זאָל לעבן דאָס פאָלק ! — האָט דער פּרינץ אויסגערופן צו דעם בייזן וואונדער פון אַלע שטייענדיקע.

— הורא ! — האָט דאָס פֿאָלק געענטפֿערט, ווי אין חלום.

דאָס פֿאָלק האָט זיך אָנגעהויבן אויפֿטשוכען פֿון דער־שטוינונג און אומגעריכטקייט און גענומען ריכטיק באַנע־מען, וואָס דאָ איז געשען. עס איז ניט קיין חלום, ניט קיין פֿאַנטאַזיע, — עס זיינען דעם פּרינצס ווערטער, וואָס אַלע האָבן דײַטלעך געהערט. דער פּרינץ, דער יורש, באַ־וואויגן, ווײַזט אויס, דורך מענטשלעכע מאָטיוון, און אַרויס־געהאָלפֿן גלײַכצײַטיק דורכן אײַנגעשפּאַרטן ווילן פֿון פֿאָלק, האָט פֿרײַוויליק זיך אָפּגעזאָגט פֿון זײַנע אייגענע פּריווי־לעגירטע רעכט און איבערגעגעבן די מאַכט צום פֿאָלק אין די הענט. און דאָס — אָן אַ טראָפּן בלוט־פֿאַרגיסונג, אָן אַ קרים פֿון אַ האָר אויף וועמענס קאָפּ ! וואָס פֿאַר אַן איי־דעלע טאַט ! וואָס פֿאַר אַן אומדערוואַרטעט גליק !

דער יונגער פּרינץ איז מיט אַמאָל געוואָרן נאָנט און טײַער דעם פֿאָלק, ווי איינער פֿון זײַנע זין, און מיט באַנו־מענע קולות האָבן אַלע גענומען שרײַען :

— הורא, זאָל לעבן דער לעצטער פּרינץ ! זאָל לעבן די רעפּובליק ! זאָל לעבן די פֿרײַהײַט !

די הויפֿלײַט און די גאַנצע קעניגלעכע סוויטע האָבן, ווי אין חלום, באַנומען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. זיי זײַנען גע־פּלעפֿט געווען פֿון דער אומדערוואַרטעטער געשעעניש און פֿאַרטויבט געווען פֿון איבערראַשונג. זיי האָבן קיין צײַט ניט געהאַט צו באַטראַכטן זיך. די געשרייען פֿון פֿאָלק האָבן פֿאַרהילכט דעם סקווער און פֿאַרטויבט זייערע אויערן. זיי האָבן געפֿילט, אַז זיי זײַנען אָפּגענאַרט געוואָרן, אָבער אַז עס איז שוין צו שפּעט צו כאַפּן צוריק. דאָס איינציקע, וואָס

איז זיי געבליבן, איז צו זען ווי עס איז צו ראַטעווען זיך מיטן לעבן. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפֿן.

די זשאַנדאַרן און וואַכלײַט האָבן אויך ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. אין דעם גרויסן טומל איז ניט געווען, ווער עס זאָל זיי געבן באַפֿעלן. און אָן באַפֿעלן זײַנען זיי גע־ווען הילפֿלאָז, זײַנענדיק צוגעוואוינט פֿון לאַנגע יאָרן צו האַנדלען בלויז לויט באַפֿעלן. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפֿן צוזאַמען מיט די הויפּלײַט.

ביידע זײַנען איצט געלאָפֿן צום הויף, צום פּאַלאַץ. עס איז געווען די איינציקע פֿעסטונג, וואו זיי האָבן גע־קענט האָפֿן צו באַהאַלטן זיך און פּרובירן באַשיצן זיך. דער וועג איז געווען פֿרײַ, ניט פֿאַרשטעלט: דאָס פֿאָלק האָט זיי, כלומרשט, געלאָזט לויפֿן...

אָבער ווען זיי זײַנען צוגעקומען נעענטער, האָט אַ שאַרפֿער גלאַנץ זיי אַ שײַן געטאָן פֿאַר די אויגן — און זיי זײַנען געבליבן שטיין... פֿונעם גלאַנץ האָבן זיך זיי די קעפּ פֿאַרדרייט און עס איז זיי פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. זיי האָבן דערזען איבערן פּאַלאַץ איצט שטאָלץ פֿלאַטערן די פֿאָלקס־פֿאָן מיט דער אויפֿשריפֿט: רעפּובליק... דער פּאַלאַץ האָט זיך אויך געפֿונען אין די הענט פֿון פֿאָלק...

ווי פֿאַרסמטע מײַז, האָבן זיי גענומען לויפֿן אין אַלע זייטן און זוכן אַ פּלאַץ, וואו צו באַהאַלטן זיך. דאָס פֿאָלק איז געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס, זיך צוגעקוקט און חוזק געמאַכט פֿון די נעכטיקע הערשער, וואָס האָבן איצט אויס־געקוקט נעבעכדיק און נישטיק. אין יעדן ווינקל איז פֿאַר זיי געשטאַנען צוגעגרייט אַ פֿאַסטקע, און איינציקווײַז האָבן זיי זיך געמוזט איבערגעבן אין די הענט פֿון פֿאָלק, צו וואַרטן אויף זײַן משפּט און זײַן אורטייל.

און דער פּרינץ איז געשטאַנען צווישן פֿאָלק, אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפֿט און באַוואונדערונג פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן ניט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן און זייער אייגענעם פֿאַרשטאַנד. ער איז געשטאַנען צווישן פֿאָלק — אַ זון פֿון פֿאָלק, אַ קינד פֿון פֿאָלק.

פֿון דער מאַסע אַרויס האָט זיך דערוויזל אַרויסגעשיילט אַ שטילע פֿיגור פֿון אַ פֿרוי מיט אַ לויכטנדיקן פּנים און שײַנענדיקן גלאַנץ אין די אויגן. זי האָט זיך דורכגעשטופּט צום פּרינץ, אַרומגענומען אים און גענומען הייס קושן:

— דאָס איז דער טאָג, מײַן קינד — האָט זי געזאָגט דורך טרערן — וועגן וועלכן איך האָב געטרוימט. עס זײַנען ווערט געווען אַלע מײַנע ווייטאָקן און איבערלעבונגען. הײַנט ביסטו מײַן אמתער פּרינץ...

— יאָ, מאַמע, איך בין אויך גליקלעך הײַנט... איך בין גליקלעך צו זײַן צוריק מיט דיר און מיטן פֿאָלק — האָט דער פּרינץ, אַרומנעמענדיק זי און קושנדיק הייס, אויך געזאָגט.

דאָס פֿאָלק האָט געקוקט מיט דערשטוינונג, ניט פֿאַרשטייענדיק, וואָס דאָ קומט פֿאָר.

אָבער צופֿיל צײַט צו וואונדערן זיך האָט דאָס פֿאָלק ניט געהאַט: אַ סך אַרבעט איז פֿאַר אים איצט פֿאָרגעשטאַנען, אַ סך זאַכן דורכצופֿירן. דאָס אַלטע שווערע לעבן איז געווען אַהינטער און פֿאָראויס איז געשטאַנען אַ נײַ לעבן מיט צוזאָגונגען פֿון פֿרייד, גליק און צופֿרידנקײַט. מען האָט זיך וואָס שנעלער געדאַרפֿט עס נעמען אויפֿבויען.

און דאָס פֿאָלק האָט קײַן סך צײַט ניט פֿאַרלאָרן. מיט

באַגײַסטערונג און פֿרייד האָט זיך יעדערער אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט און גענומען פֿאַר זיך בויען דאָס נײַע לעבן, — דאָס לעבן אָן נויט און אָן זאָרג, אָן דאגה און אָן שרעק, אָן שקלאַפֿערײַ און אונטערדריקונג, וואו יעדער איינער זאָל זיך פֿילן גליקלעך און פֿרײַ.

מיט זיכערקײַט האָט איצט יעדערער געקוקט פֿאַר זיך און געוואָלט וואָס שנעלער אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ די ביטערע פֿאַרגאַנגענהײַט.

פֿון דעם קעניג, און אַפֿילו דעם פּרינץ, האָט איצט קיינער מער ניט געטראַכט.